דוד פינסקי.

# דראַמען און ערצעהלונגען.



פערקויף:

פערלאַגס-געזעלשאַפט „צענטראל“, ווארשא.

## אינהאלט:



---


Печ. въ Тип. Г. Пимента и Я. Швабе,

Варшава Шераковская 4. — 1913 г.

# פערזאָנען:

| | |
|---|---|
| רָחֵל לעווין | שמעון לעווין דעם פאָדריאַטשיק׳ס אלמנה. |
| מישאַ | איהרע קינדער. |
| סאָניאַ | |
| מאַניאַ | מישאַ׳ס פרוי. |
| סיאָמקע, (סעמיאָן) | זייער קינד. |
| אַבְרָהָם זאַלקינד | שמעון לעווין׳ס געוועזענער שותף. |
| ולאַטע די בעזדיעטניצע | זאַלקינד׳ס שוועסטער. |
| זעלדע | די דיענסט ביי מישאַ׳ן אין הויז. |



אַ גרויס עס-צימער מיט פּארקעט, מיט צוויי טהירען אין דער לינקער וואַנד: די פאָרנסטע פיהרט צו דער קיך און דעם אַרויסגאַנג, די הינטערשטע צו די איבעריגע חדרים. אין דער הינטער-וואַנד צוויי פענסטער, וועלכע געהען אַרויס אין גאָרטען. צווישען ביידע פענסטער אַ טישעל, אויף וועלכען עס שטעהט אַ הויבֿע לאָמפּ מיט אַ גרויסען ראָזעווען אַבאַזשור. לינקס צווישען ביידע טהירען אַ גרויסער בופעט. רעכטס אַ סאָפע מיט אַ גרויסען עס-טיש, אויף וועלכען עס ליגט אַ גוט טעפּיך-טישטוך און איבער וועלכען עס הענגט אַ גרויסע לאָמפּ. שטולען ביים טיש און ביי דער וואַנד פון ביידע זייטען סאָפע. איבער דער סאָפע אַ גרויסער, ברייטער שפּיגעל.

ר ח ל ל ע ו ו י ן, אין אַ ווייסען פּעניואַר, זיצט ביים פענסטער לינקס און קוקט אַרויס אין גאָרטען. א ב ר ה ם ז א ל ק י נ ד אין אַ שוואַרצען אַנצוג, געהט אַרום איבער'ן צימער פערטראַכט און זינגט אַ האַלב-טרויעריגען יודישען ניגון אונטער דער נאָז. — עס איז די צייט בין מנחה למעריב אין אַ שענעם זומערדיגען שבת.

---

רחל.

ווי שען עס איז איצט!

זאַלקינד

(שטעלט זיך אָב ביים פענסטער).

יאָ, זעהר שען. (געהט ווייטער, אונטערוויגענדיג).

רחל.

עפּעס ווי אַלץ וואָלט געלעבט און גערעדט און געזונגען. דוכט זיך אייך נישט אויס, אַז אַלץ בעוועגט זיך אַזוי יום-טוב'דיג?

זאַלקינד

(ווידער אָבשטעלענדיג זיך ביים פענסטער).

יאָ, עס איז איצט זעהר שען. (געהט ווייטער און זינגט).

רחל.

איך האָב זעהר ליעב די צייט — דעם שבת-פאַרנאַכט. עפּעס ליעגט אין דער נאַטור אַזוינס, וואָס פילט אונז אָן מיט אַ נאָגעניש און בענקעניש, און דאָך מיט אַזאַ מין זיסקייט, מיט אַזוי פיעל האָפנונג. — איך ווייס נישט, ווי די צייט ווירקט אויף אַלעמען. אויף מיר ווירקט זי אַזוי שווער און אַזוי זיס צוזאַמען. איך וואָלט עפּעס אויסגעצויגען די הענד און ברייטער געמאַכט דאָס האַרץ — אַ-אַ-אַ!

זאַלקינד.

דאָס איז מיט אַלעמען אַזוי.

רחל.

איך ווייס נישט — איין אַנדערס מאָל וואָלט איך מיך צע־וויינט אַזוי ביטערליך... מען קאָן, דאַכט זיך, פרום ווערען אין אַזאַ צייט. עפּעס צונויפלעגען די הענד און רעדען, און רעדען מיט גאָט פון טיעפען, טיעפען האַרצען.

זאַלקינד.

יאָ, יאָ.

רחל.

איך האָב שטענדיג ליעב געהאַט דעם שבת־פאַרנאַכט, נאָך אַלס קינד. אָפט פלעג איך אַוועקלעגען מיין קאָפּ ביי דער באָבען אין שויס און צוהערען זיך, ווי זי פלעגט זאָגען איהר תהלים מיט אַזאַ האַלב־טרויעריגען ניגון, וועלכער האָט זיך אַזוי גוט געפּאַסט צו דער אָוועגד־פינסטערניש. דאָס בעסטע וויעגען־ליעד איז עס געוועזען ביי מיר. איך פלעג מיך אַזוי צוטוליען צו איהר און אין מיר פלעגט זינגען איהר תהלים־זאָגען, און מיין קעפּעל פלעגט פאַנטאַזירען וועגען איך ווייס שוין נישט וואָס פאַר אַ טויזענדער זאַכען. איך פלעג חלומ'ען מיט אָפענע אויגען, ביז איך פלעג איינשלאָפען. — אַי, איז עס געוועזען גוט!

זאַלקינד.

און איך האָב אויך ליעב געהאַט אַ שבת־פאַרנאַכט, צווי־שען מנחה און מעריב, פערקלייבען זיך אין אַ ווינקעל אין שוהל מיט נאָך אַ סך יונגלעך און הערען מעשיות. אין שוהל איז פינס־טערליך. די פינסטערניש איז אויסגעמישט מיט אַ געהויש פון אַלערליי קולות, פון פרעהליכע און טרויעריגע, פון לאַכען און זיפצען. אין איין ווינקעל זאָגט איינער איבער אַ שטיקעל חסידות, וואָס ער האָט געהערט פון רבי'ן, ערגיץ אַנדערש זאָגט מען

תהלים מיט דעם האַלב-טרויעריגען ניגון. און איבער אַלץ שטעהט דער געדויש פון וואַרימע געשפּרעכען און פון יונגלעך, וועלכע לויפען אַרום בימה און שפּיעלען אין כאַפּעניש — הע-ע, איך געדענק עס נאָך אַלץ אַזוי קלאָר — און איך מיט מיין קופּעלע יונגלעך פלעג זיצען אין אונזער פינסטערסטען ווינקעל, דאָס רוב אין הדר שני, און איינער פון אונז פלעגט דערצעהלען עפּעס אַ ליעבליכע מעשה פון אַ בן-מלך אָדער אַ בת-מלכה, אָדער אַ שרעקליכע מעשה מיט רויבער, אָדער גאָר אַ ציניש-גראָבע מיט אַ וואַנדער-בחור. און עס איז געווען אַזאַ מהיה, אַזאַ זיסקייט, ווי איהר זאָגט! אָפט פלעגט שוידערן פון דער מעשה, אָבער שטענדיג פלעגט פערדריסען, ווען פלוצלונג פלעגט דער חזן אַרויסזינגען: והוא רחו-ו-ום יכפּר עון ולא ישחית... די שוידערליכסטע מעשה האָט נאָך מעהר געפּאַסט צו דער גאַנצער-ר-ר — —

**רחל.**

צו דער גאַנצער שטימונג. אודאי

**זאַלקינד.**

און איצט דערמאָהן איך מיך, אַז שמעון איז געוועזען דער גאַנצער דערצעהלער. ער האָט זעהר ליעב געהאַט צו דערצעהלען מעשיות. זיין ספּעציאַליטעט איז געוועזען וועגען בני-מלכים און בת-מלכה׳ס. איך, פערקעהרט, האָב ליעב געהאַט צו הערען.

**רחל.**

איך האָב אויך ליעב געהאַט צו הערען. אין דער צייט און און דער שטימונג איז בעסער צו הערען אַ פ״עמדע שטימע, איידער די אייגענע. ווען איין אַנדערער האָט גערעדט, פלעגט מיר אָפט פּאָרקומען, אַז איך הער די שטימע פון ווייט, ווייט, ווייט.

זאַלקינד.

אוּ—הוּם.

(שווייגט).

רחל

(אָבעטעמענדיג).

יאָ, יאָ. — איצט האָב איך ליעב צו זיצען, ווי איהר זעהט מיך, און טראַכטען וועגען די אָבגעלעבטע יאָהרען און אַריינקוקען אין די קומענדיגע. עס טראַכט זיך אַזוי גוט אין דער צייט און מען דערמאָהנט זיך זאַכען, וועלכע מען האָט שוין לאַנג, דאַכט זיך, פערגעסען.

זאַלקינד.

יאָ, יאָ.

רחל.

מיט שמעון'ען פלעג איך געוועהנליך אַרויסגעהן אין דער צייט שפּאַצירען אויפ'ן וואַל, אָבער פון נאָך זיין טויט געה איך זעהר זעלטען. ווען די קינדער זענען געוועזען יונגער, פלעג איך נאָך אָפט געהן מיט זיי. אָבער איצט דאַרפען זיי מיך נישט האָבען, און מיר דוכט זיך, אַז ווען איך וועל איצט געהן מיט זיי, וועל איך זיי שטערען.

זאַלקינד.

אַה!

רחל.

איך ווייס נישט — אַזוי מיין איך. מיר זענען פּאָרט צוויי

וועלטען. איך—איין אונטערגעהענדיגע וועלט, זיי — אַ וועלט, וועלכע האַלט אין ווערען. און זיי זענען דאָך אַ סך ווייטער פון מיר. אַמאָל האָט זיך מיר געדוכט, אַז איך וועל געהן מיט זיי שריט ביי שריט, און איצט זעה איך, אַז עס זענען פאַר־האַן זאַכען, אין וועלכע איך קאָן זיי בשום אופן נישט בעגריי־פען. אין מיין צייט בין איך געוועזען פון די פאָרגעשריטענס־טע, איצט בין איך פון די לעצטע.

(שווייגען).

ר ח ל.

נאַ, און איהר זענט מיר זויך אין דער שבת-פאַרנאַכטי־גער שטימונג.

ז אַ ל ק י נ ד.

יאָ, אַ ביסעל.

ר ח ל.

דערצעהלט עפּיס גאָר.

ז אַ ל ק י נ ד.

איך האָב ליעב צו הערען.

ר ח ל.

(שמייכעלט).

הם, איך האָב עס גאָר פערגעסען.

(שווייגען).

זאַלקינד

(שפּאַרט זיך אָן מיט אַ האַנד אָן בופעט, אויפגערעגט).

נאָר אַז איהר ווילט, וועל איך אייך דערצעהלען אַ מעשה. (שוועהר עטעמענדיג) איך האָב אייך זי שוין לאַנג... שוין לאַנג געוואָלט דערצעהלען.

רחל

(קוקט איהם אָן גאַנץ פערוואונדערט)

זאָל זיך אפשר הייסען אָנצינדען די לאָמפּ?

זאַלקינד

(אַ ביסעל גערייצט).

צו וואָס? עס איז דאָך נאָך זעהר העל. (גלאָסען, מיט אַ שמייכעל). און אַזוי איז טאַקע בעסער. ווי איהר זאָגט, בין איך איצט אויך אין דער שבת-פאַרנאַכטיגער שטימונג.

(שווייגען)

רחל

(קוקט איהם אַלץ אָן שטאַרק פערוואונדערט און זאָגט מיט אַ נישט פעסטער שטימע)

נו, דערצעהלט-זשע די מעשה.

זאַלקינד.

ה-ה-ה, יאָ-אָ — אַמאָל זענען געוועזען צוויי שותּפים — — אין זייער קינדהייט זענען זיי געוועזען חברים, און אַז זיי זענען אויסגעוואַקסען, האָבען זיי חתונה געהאַט און אָנגעהויבען פיהרען געשעפטען, זענען זיי געוואָרען שותּפים. עהרליכע, גוטע, טרייע שותּפים.

ר ח ל

(ווערט אונרוהיגער און אונרוהיגער, וויל עפּיס זאָגען, פערכאפּט זיך און הוסט בלויז אָב).

הם-ם!

ז אַ ל ק י נ ד.

דערנאָך איז איין שותף געשטאָרבען און געלאָזען אַיין אלמנה. און אין אַ צייט אַרום איז געשטאָרבען ביי דעם אַנדערן שותף די פרוי... (ער רעדט אַלץ שווערער און סטארעט זיך צו שמייכלען). די אלמנה און דער אלמן זענען שוין ביידע נישט געוועזען קיין יונגע קינדער... דער אלמן — אַ יאָהר פופציג, די אלמנה — אַ יאָהר פינף און פערציג —

ר ח ל.

ווייסט איהר, איך וועל דאָך אָנצינדען די לאָמפּ. (שטעהט אויף און געהט אָנצינדען די הענג-לאָמפּ; דערביי קוקט זי אויף איהם מיט אַ פרובענדען בליק).

ז אַ ל ק י נ ד

(שמייכעלט פערלעגען).

איצט קאָן איך, דאַכט זיך, מעהר נישט דערצעהלען אויך?

ר ח ל.

יאָ, איצט קאָנט איהר נישט דערצעהלען אויך.

ז אַ ל ק י נ ד.

ווייסט איהר שוין די מעשה?

ר ח ל.

איך ווייס זי זעהר גוט.

זאַלקינד.

נו, איז וואָס וועט איהר זאָגען?

רחל.

(עסק'ט זיך מיט דער לאָמפּ. שווייגט).

זאַלקינד.

(קוקט איהר נאָך).

רחל

(ענדיגט מיט דער לאָמפּ).

קודם-כל — גוט-וואָך אייך.

זאַלקינד.

אַ גוט וואָך, אַ גוט יאָהר.

רחל.

איצט זעצט אייך און מיר וועלען ריידען.

זאַלקינד.

(בלייבט שטעהן).

רחל

(געהט און מאַכט צו שטאַרקער די פאָרנטסטע טהיר).

נו, איז ווילט איהר וויסען, וואָס איך וועל זאָגען? — איך וועל זאָגען, אַז... אַז צווישען דעם אלמן און דער אלמנה קאָן קיין שידוך נישט זיין.

זאַלקינד.

וואָס איז עפּיס?

רחל.

די אלמנה וויל בלייבען אַיין אלמנה.

זאַלקינד.

(בעוועגט).

נאַ, מיר ווע‏לען אויפהערען צו רעדען אין מעשיות מיט משלים און רעדען דייטליך.

רחל.

אדרבה.

זאַלקינד

(וואַרט).

הערט דאָך, רחל. מיר דאַרפען זיך דאָך נישט דערקלע‏רען אין ליעבע, פאַלען אויף די קניע איינער פאַר דעם אַנדערן, דאָס פּאַסט שוין עפּיס נישט פאַר אונזערע יאָהרען. נאָר... מנאַ... איך פערשטעה נישט, פאַרוואָס קאָן דער שידוך נישט זיין?

רחל.

ווייל — איך האָב דאָך אייך געזאָגט, ווייל די אלמנה וויל בלייבען אַנ׳אלמנה.

זאַלקינד.

דאָס טאַקע פערשטעה איך נישט, פאַרוואָס?

ר ח ל.

וואונדער איך מיך טאַקע.

ז אַ ל ק י נ ד.

איך פערשטעה עס נישט. אַז מיין דינה איז געשטאָרבען האָט די גאַנצע שטאָדט, אַלע אונזערע בעקאַנטע האָבען גלייך דערפיהלט, אַז אברהם זאַלקינד וועט איצט נעהמען רחל לעווין. וואָרום וואָס קאָן זיין גלייכער?

ר ח ל.

איך ווייס אויך, אַז די שטאָדט האָט אַזוי גערעדט, אָבער...

ז אַ ל ק י נ ד.

וואָרום וואָס קאָן זיין גלייכער? און וואָס מעהר איך האָב אָנגעהויבען צו פיהלען מיין איינזאַמקייט, אַלץ מעהר האָב איך איינגעזעהן, אַז אברהם זאַלקינד וועט נעהמען רחל לעווין. — מיר האָט זיך, מעהר נישט, די צונג נישט געהויבען צו רעדען מיט אייך. אָבער היינט, איך ווייס, עפּיס די גאַנצע שטימונג...

ר ח ל.

דאָס האָט איהר גוט געטאָן, וואָס איהר האָט איינמאָל אַרויסגעזאָגט זיך. איצט וועט איהר וויסען, אַז איהר האָט אומזיסט געגלויבט...

ז אַ ל ק י נ ד.

די לעצטע צייט האָב איך דוקא איינגעלעבט זיך מיט דעם געדאַנק.

רחל.

זאַלקינד, אייך דאַרף איך דאָך קיין סך נישט דערצעהלען. איהר ווייסט דאָך, ווי איך האָב געלעבט מיט שמעונ׳ען, ווי גליקליך, ווי... איהר ווייסט אויך, ווי די קינדער ליעבען איהם, ווי זיי, מען מעג זאָגען, פערגעטערן זיין נאָמען. די גאַנצע זעקס יאָהר נאָך זיין טויט הערט מען ביי מיר אין שטוב נישט אויף צו רעדען וועגען איהם, אַקוראַט ווי ער וואָלט געמאַכט אַ ווייטע רייזע, פון וועלכער ער וועט קומען צוריק. און איהר ווייסט אויך, ווי פערבונדען איך בין מיט די קינדער, זיי זענען גוטע קינדער און איך בין נישט קיין שלעכטע מאַמע — מיר קאָנען און מעגען זיך ליעבען, אָבער מיר זענען נאָך מעהר פעראייניגט אין דער ליעבע, וועלכע מיר טראָגען צו שמעונ׳ען.

זאלקינד.

גוט, איך ווייס עס טאַקע אַליין. אָבער איך זעה דאָך נישט איין... אַך, מיר איז נאָר קיינמאָל נישט איינגעפאַלען, אַז איהר זאָלט קאָנען זאָגען ניין. וואָרום וואָס? אין דער אמת׳ן טאַקע, וואָס? מיר זענען ביידע נישט קיין יונגע קינדער, מיר קאָנען זיך ביידע זעהר גוט, איהר ווייסט אויך, ווי איך האָב געלעבט מיט מיין דינה׳ן... וואָס בין איך דען אויסען מיט מיין שדכנ׳ען זיך צו אייך? איך וויל נישט זיין איינער אַליין צו די עלטערע יאָהרען. — רחל, איבערלעגט אייך נאָר. מען ווערט עלטער, נישט יונגער, און אויף דער עלטער צו זיין אַליין...

רחל.

איך האָב מיינע קינדער.

זאַלקינד.

אַך, וואָס! איך האָב אויך קינדער, און אָט בין איך דאָך

אַליין. וואָס האָב איך פון מיינע קינדער? סאמואיל איז אין פּעטערבורג, איליאַ אין אַמעריקאַ, ליזאַ אין מינסק, דער — דאָרט, די — דאָרטען. און ווי איהר ווייסט, וועל איך נאָך דאַרפען אַרויספאָהרען פון דאַנען און בעזעצען זיך אין יעקאַטערינאָסלאַוו, בלייב איך אפילו אָהן אַ קרוב און אָהן אַ גואל.

רחל.

און איך האָף צו זיין אַ גוטע באָבע.

זאַלקינד.

איהר רעדט גאָר ווי אַ קינד, רחל. אויף מיין וואָרט, איהר רעדט גאָר ווי אַ קינד.

רחל.

פאַרוואָס מיינט איהר, אַז איך רעד ווי אַ קינד? איך ליעב מיינע קינדער, איך וועל ליעבען זייערע קינדער, מיין לעבען וועט אויסגעפילט ווערען מיט... (עס קלינגעלט אין פאָרציטער).
עס קלינגעלט. דאָס מוזען זיי קומען. וועלען מיר מעהר נישט רעדען וועגען דעם.

זאַלקינד.

איך דאַרף סיי-ווי-סיי גלייך אַוועקגעהן.

רחל.

וואָס, איהר זענט ברוגז?

זאַלקינד.

ניין, איך בין נישט ברוגז, איך דאַרף טאַקע אַוועקגעהן.

איך דאַרף זיין אין אַ פּאָר ערטער — ביי ליפּשיצ׳ן דאַרף איך זיין, אָהער איך זאָג אייך נאָך אַמאָל, רחל, איבערלעגט אייך. איך זאָג אייך ...

ר ח ל.

נישט מעהר רעדען.

ס אָ נ י אַ

(לויפט אריין. א יאָהר אכטצעהן. אָנגעטון אין דעם קאָסטיום פון א גים־נאזיסטקע. לוסטיג.)

אַ גוט וואָך אייך, רבותי! (ווארפט אראָב פון זיך דאָס היטעלע). און היט זיך פאַר מיר, איך בין הונגעריג! איך פליה טאַקע גלייך אין חיה׳ס מלוכה. (זי טאנצט ארויס דורך די פאָדערשטע טהיר מיט א געשריי): חיה, חיה, ראַטעוועט!

ר ח ל.

אַ שטיפערין!

ז אַ ל ק י נ ד.

יאָ, יאָ. עס איז גוט, כל זמן די חברה איז יונג און נישט אויסגעגעבען.

ר ח ל.

און וואָס איז נאָכדעם? וועניג פערגניגען?...

ז אַ ל ק י נ ד.

אַך, רחל, רחל, סיידען איהר קענט דאָס לעבען נישט.

סאָניאַ

(קומט צוריק מיט אַ פולען טויל און אַ טאַץ אין האנד).

מאַכט אַ וואַרע, מאַכט אַ וואַרע! (שטעלט אוועק אויפ'ן טיש דעם טאַץ, אויף וועלכען עס שטעהען טעלער מיט הוזן און חלה און קאָמ-פאָט. זי ווארפט זיך אויף אַ שטוהל און עסט אין איין איילעניש, שטיפעריש).

רחל.

עס דאָך נישט אַזוי, דו קאָנסט דיר נאָך...

סאָניאַ

(מיט אַ פולען מויל).

אַך, וואָס ווייסט דו, וואָס ווייסט דו, וואָס פאַר אַ הונ-גער איך האָב! דאָרעצקאַיאַ און עפשטיין האָבען מורא געקראָ-גען מיט מיר צו געהן, איך זאָל זיי נישט אויפעסען.

זאַלקינד.

נאַ, און איך וועל איצט אַוועקגעהן.

רחל.

וואָס אלייט איהר ווירקליך?

זאַלקינד.

אָבער ווירקליך, איך דאַרף זיין ביי ליפשיצ'ן. (קוקט אויף זיין זייגער). און עס איז שוין נישט פריה אויך. שוין נאָך ניין. נו, אַ גוטע וואָך, און אַ גוטע נאַכט אייך!

רחל.

אַ גוטע וואָך אייך! (בעגלייט איהם אַרויס).

סאָניאַ

(שרייט, אַריינגעטון אין עסען).

אַ גוטע וואָך אייך! (טענצעלט אונטער אויפ'ן שטוהל און עסט ווי־פריהער אין איילעניש).

רחל.

(קומט צוריק אַריין און איז פערטראַכט).

סאָניאַ.

(קוקענדיג אין טעלער און עסענדיג).

איז אַבראַם מאָאיסעיעוויטש נישט געוועזען אַ ביסעל אָנ־געבלאָזען?

רחל.

פון וואָס האָסטו עס געזעהן?

סאָניאַ.

און דו ביסט מיר אויך עפּיס...

רחל.

דיר חלומ'ט זיך עפּיס.

סאָניאַ.

אָך, אַ מין הונגער! — אַ נס, וואָס מיר וואוינען אַזוי־ נאָהענט פון בולוואַר, אַ ניט וואָלט איך גאָר אַהיים נישט דער־ גאַנגען.

רחל.

פאַרוואָס האָסטו עפּיס געלאָזען אַזוי איבערחלש'ן דאָס הארץ?

סאָניאַ.

מאַמע, מאַמע! דו רעדסט מיר עפּיס... (עס קלינגעלט שטאַרק)

רחל.

נאַ-נו, ווער רייסט דאָס אַזוי דאָס גלעקעל? (געהט צו דער טהיר און קוקט אַריין אין קאָרידאָר).

מישאַ

(זינגט שוין אין קאָרידאָר אַ פרעהליכען מאַרש, שפּרינגט אַריין, כאַפּט ארום רחל'ען און לאָזט זיך מיט איהר דרעהען).

מאַמינקא, מאַמאָטשקאַ! מאַמאָטשקאַ, מאַמינקאַ!

רחל.

מישאַ — מישאַ... מיט רחמנות... וואָס איז עס אַזוינס געשעהן?

סאָניאַ

(שטאָפּט אָן דאָס טויל און שפּרינגט צו).

נאַ, נעהם מיך, נאַ, נעהם מיך!

מישאַ

(כאַפּט זי אויך ארום און דרעהט זיך מיט זיי ביידען).

מאַמינקאַ, איך בין גליקליך! סאָניאַ, איך בין גליקליך!

רחל.

ביסטו טאַקע געוואָרען ערשטער בוכהאַלטער אין באַנק?

מישאַ.

וואָס בוכהאַלטער? ווען בוכהאַלטער? אַך, מאַמאָטשקאַ,

איך בין גליקלוך! איך בין...

ס אָ נ י אַ.

פערליעבט...

מ י ש אַ.

און געליעבט!

ס אָ נ י אַ.

און דאָס איז מאַניאַ וואָל!

מ י ש אַ

(כאַפּט זי טאַנצען).

און דאָס איז מאַניטשקאַ! (בלייבט שטעהן נעבען רחל'ען און האַלט נאָך סאָניע'ן). זי איז היינט אַוועקגעפאָהרען קיין פעטער-בורג, אָט איצט טאַקע... אויף אַ פּאָר וואָכען צו גאַסט. און דאָ.. און דאָ... און דאָ... איך ליעב זי דאָך שוין אַזוי לאַנג! בין איך היינט אַרויס מיט דער שפּראַך. (טאַנצט מיט סאָניא'ן).

ר ח ל

(אונרוהיג).

וואַרט דאָך, קינדער. א י ך וויל דאָך אויך וויסען. ווע-מעס וואָל איז די מאַניאַ?

מ י ש אַ

(טאַנצענדיג).

פסח וואָל'ס טאָכטער. מאַמאָטשקאַ, מיין מאַניאַ איז...

סאָניאַ.

אַ פּרעלעסט! יעי באָגו, פּרעלעסט.

מישאַ.

עס איז צו וואָכעדיג צו לויבען זי מיט אַלע ווערטער! — אָבער, מאַמע, איך בין גליקליך! איך פיהל מיך עפּיס שטאַרקער, ברייטער, פולער — מיינע אָדערן קלאַפּען מיט אַזאַ קראַפט. און איך פיהל מיך עפּיס... מיר דוכט, אַז אין דער מינוט וואָלט איך געקאָנט פערפאַסען אַ שיר השירים. — איך בין גליקליך, מאַמע! (ער נעהמט זי אַרום און קוּשט זי). מאַמע, אָבער דו ביסט דאָך עפּיס אַזוי קאַלט! — ביסטו עפּיס אונצופרידען·

רחל.

יאָ, מיין זוהן!

מישאַ.

מיט וואָס?

סאָניאַ.

טאַקע, מיט וואָס?

רחל.

מיט... מיט פסח וואָל׳ס טאָכטער.

מישאַ.

דו קענסט זי דאָך גאָרנישט?

רחל.

איך קען איהר טאַטען און איך קען איהר מאַמען.

מישאַ.

און איך קען נישט איהר טאַטען און נישט איהר מאַ-
מען. — מיך געהען איהרע עלטערן נישט אָן.

סאָניאַ.

דיר געפעלט נישט דער יחוס?

רחל.

יאָ, קינדער, מיר געפעלט נישט איהר יחוס.

מישאַ און סאָניאַ.

(שיסען אויס אַ געלעכטער).

מישאַ.

דאָס האָב איך זיך נישט געריכט פון דיר.

סאָניאַ.

ווירקליך.

רחל.

און איך אויך נישט, נאָר...

מישאַ

(איראָניש).

נאָר?

רחל.

עס זענען פאַרהאַן גרעניצען... ווי זאָל איך אייך זאָגען,

קינדער... עס טרעפט אַמאָל, אַ מענש, וועלכער קאָן רוהיג קו-
קען אויף העסליכע זאַכען, טרעפט אָן אויף אַ העסליכקייט, פון
וועלכער עס הויבט איהם אָן צו עקלען...

סאָניאַ

פוי, מאַמאַ!

מישאַ

(בייז).

דאָס משל האָסטו געמעגט נישט מאַכען אויך!

רחל.

מיין זוהן, איך וויל ווירקליך נישט בעליידיגען דיינע
געפיהלען. קאָנסטו דיר נאָר פאָרשטעלען, וואָס פאַר אַ וועהטאָג
עס איז מיר, ווען איך קאָן מיך נישט פרעהען מיט דיין פרייד?

מישאַ.

און איבער וואָס? איבער יחוס!?

סאָניאַ.

טאַקע, מאַמאַ?

רחל.

איך קאָן מיר דאָ גאָרנישט העלפען. — ווייסטו, ווער
איהר טאַטע איז?

מישאַ.

וואָס דאַרף איך עס וויסען?

סאָניאַ

ער דאַרף עס גאָרנישט וויסען.

רחל.

פסח וואָל איז געוועזען אַ כאָריסט אין פּעטערבורגער טעאַטער. ער האָט געלעבט פון ברויט מיט ציבעלעס און זיין געהאַלט פלעגט ער אַוועקלייהען די אַקטיאָרען און כאָריסטען אויף פּראָצענט. ער האָט געשינדען פון זיי די הויט. ער האָט גענומען פון זיי די שרעקליכסטע פּראָצענטען. די אונגליקליכע, וועלכע זענען אַריינגעפאַלען אין זיינע הענד, פלעגען זיך דערפאַר נוקם זיין אָן איהם אין אַזעלכע אָפּערעס, וואו עס קומען פאָר געשלעגען. זיי פלעגען איהם שלאָגען מכות רצח, אַ האַלבטויטען פלעגט מען איהם אַראָבטראָגען פון דער סצענע, און די צייטונגען — די אַנטיסעמיטישע — פלעגען אויף מאָרגען זיין מיט איהם פול. ביז מען האָט איהם אַרויסגעטריבען פון טעאַטער און אַרויסגעשיקט פון פּעטערבורג...

מישאַ

(וועלכער האָט זיך די גאַנצע צייט געוואָרפען און געוואָלט איהר איבעררייסען).

אָבער צו וואָס דערצעהלסטו עס מיר? צו וואָס דאַרף איך עס וויסען? איך געה נישט טון אַ שידוך — איך ליעב, בין געליעבט און בין גליקליך! איך וועל דיר בעסער דערצעהלען, וואָס מאַניטשקאַ איז.

סאָניאַ.

אַך, קאַקאַיאַ אַנאַ פּרעלעסט!

רחל.

דו פרעגסט דאָך ביי מיר, פאַרוואָס איך בין אונצופרי-

דען? דערצעהל איך דיר.

מישאַ.

וואָס אַרט דיך, ווער איהר טאַטע איז?

רחל.

איך וועל דיר דערצעהלען ווייטער, וועסטו מיך אפשר פערשטעהן.

מישאַ.

אַך!

רחל.

זוהן מיינער, איך וויל ביי דיר דיין גליק נישט אַוועק-נעהמען, און איך פאָדער פון דיר נישט, דו זאָלסט אויפהערען צו ליעבען. איך ווייס זעהר גוט, אַז דאָס איז אַנ'אונמעגליכ-קייט. נאָר איך וויל, אַז דו זאָלסט מיך ריכטיג פערשטעהן. הער מיך נאָר רוהיג אויס. — ווייסטו, אַז פסח וואָל'ס פרוי הייסט אין שטאָדט דבורה די דינסטציוכע?

מישאַ.

נו, איז וואָס?

סאָניאַ.

אַך, מאַמאַ!

רחל.

זי האָט מיידעלוויז געדיענט. אָבער ביי יודען דיענען

זעהר אָפט מיידלעך פון זעהר לייטישע הייזער און זעהר איי־
דעלע קינדער — די דבורה איז געבליבען אַ דיענסט אפילו אין
איהר רייכקייט.

מ י ש אַ.

מאַניטשקאַ איז אַ דימענט!

ס אָ נ י אַ.

טשודנאַיאַ דיעווּאושקאַ!

ר ח ל.

דער עיקר אָבער איז דאָס, אַז זי האָט געדיענט מיידעל־
וויז ביי מיינע עלטערן אין הויז.

מ י ש אַ.

אַהאַ, שטעהט דיר דאָס נישט אָן!

ר ח ל.

און מיר האָבען זי אַרויסגעטריבען, ווייל מיר האָבען זי
געכאַפּט גנב׳ענען... איך בין דעמאָלט געוועזען אַ צוועלף־דריי־
צעהן־יעהריג מיידעל, זי — אַ יאָהר אַכצעהן, און איך בין נאָכ־
געלאָפען נאָך איהר און געשריען: גנב׳טע! גנב׳טע! גנב׳טע!

מ י ש אַ.

און דאָס קאָנסטו נישט פערגעסען איהר טאָכטער!

ר ח ל.

מיידעלוויז האָט זי צוויי מאָל געהאַט... ווער ווייסט, אפשר...

מ י ש אַ

(אויסער זיך).

מאַמאַ, דאָס זאָלסטו נישט זאָגען! דאָס איז נידריג, פוי?

ס אָ נ י אַ.

פוי, פוי, פוי! ווי קאָנסטו אַזוי בעליידיגען מאַניאַ'ן?

ר ח ל.

איהר האָט מיך ביידע שלעכט פערשטאַנען. איך האָב גע-וואָלט זאָגען: אפשר האָט זי גע'פטר'ט איהרע קינדער. אין שטאָדט זאָגט מען עס טאַקע עד היום.

מ י ש אַ

(געהט אום הין און צוריק אויפגערעגט).

מיר איז אַלץ איינס.

ר ח ל.

איך פרעג מעהר נישט ביי אייך, קינדער, קאָנט איהר דען נישט פערשטעהן מיין לאַגע? איך שטעל דיר נאָך נישט די די פאָדערונג: קלויב אויס צווישען איהר און מיר...

מ י ש אַ

(הארט).

אַ דאַנק דאַרף מען דיר זאָגען.

ר ח ל.

(בעטריבט, קוקט איהם נאָך, דערנאָך גיט זי אַ פיהר מיט דער האַנד איבער די אויגען, שטערן און האָר און זיפצט אָב).

ה-ה-הם!... איך וויל בלויז, איהר זאָלט פערשטעהן מיין

לאַגע. נישט טרעפען זיך מיט די מענשען, נישט רעדען מיט זיי און נישט געהן צו זיי — ווען איך נישט קאָנען, ווייל דער-מיט וועל איך זעהר שטאַרק בעליידיגען דיין מאַניאַ'ן. און ווי-דער: רעדען מיט זיי און געהן צו זיי און מאַכען דערצו נאָך אַ פריינדליך פנים, ווערדליג איך קאָן די מענשען נישט ליידען ווי די שפינען און האַלט זיי פאַר די נידריגסטע ברואים, איז פאַר מיר אַ צו-שווער לייענען. איך וועל דאָס קיינמאָל נישט קאָנען ברייגגען איבער מיר.

מ י ש אַ

(האַרט).

איז וואָס ווילסטו?

ר ח ל

(פערדריסליך).

מישאַ, זיי דאָך נישט אַזוי גראָב, (ואנפטיער) איך וויל דאָך פון דיר גאָרנישט.

מ י ש אַ.

דו פאָדערסט פון מיר נישט, איך זאָל מיך אָבזאָגען פון מאַניאַ'ן, אָבער וואָס איז דער תוכן פון אַלע דיינע רייד?

ר ח ל.

דאָס טיעפע בעדויערן פון אַ מוטער, וועלכע קאָן זיך נישט פרעהען מיט דער פרייד פון איהר קינד.

ס אָ נ י אַ.

איבער אַ נאַרישקייט!

ר ח ל.

וואָס זאָל איך טון, קינדער? איך קאָן פון מיין הויט נישט אַרויסקריכן.

מ י ש אַ.

אָבער דאַן ביסטו נישט בעסער ווי אַנ׳אַנדער מאַמע.

ר ח ל.

עס איז מעגליך. אין דעם פונקט בין איך נישט מאַמע, נאָר מענש.

מ י ש אַ.

נאַ... (געהט אום נערוועז). איך בין געלאָפען אַהיים מיט אַלע כחות, איך האָב געוואָלט אויף גיך צוטיילען זיך מיט מיין גליק... און דאָ האָסטו דיר!

ר ח ל

(גערירהרט).

מיך פערדריסט עס נישט ווייניגער ווי דיך.

מ י ש אַ.

ווען דיך וואָלט עס אַזוי פערדראָסען, וואָלסטו פערגעסען אָן דעם גאַנצען יחוס און דערפון גאָר קיין רייד נישט געמאַכט.

ר ח ל

(בעליידיגט און גערייצט).

בין איך אַ שלעכטע מאַמע.

(שווייגען).

רחל

(ווערט מעהר נערוועז, הויבט זיך אָן אַרומצוקוקען אויף איהר אָרט און באַראַבאַנעט מיט די פינגער. מיט אַ ציטערדיגען קול און נערוועזען שמייכעל).

ווייסט איהר, קינדער — איצט האָב איך אייך וואָס צו דערצעהלען. הע-הע... אַבראַם מאָאיסעיעוויטש שדכנ'ט זיך צו מיר.

סאָניאַ

(הויבט אויף איהר בליק אויף רחל'ען מיט איין אָפענעם מויל).

מישאַ

(בלייבט שטעהן און קוקט זיך איין אין רחל'ען).

נו, און דו?

רחל.

איך האָב איהם נאַטירליך אָבגעזאָגט.

מישאַ און סאָניאַ

(עטעמען פרייער אָב).

מישאַ

(הויבט אָן ווידער אַרומצוגעהן).

איך דענק אַזוי.

סאָניאַ.

אָט דאָס האָב איך גלייך בעמערקט, אַז ער איז עפּיס געוועזען אָנגעבלאָזען.

מ י ש אַ .

אָבער פון אַבראַם מאָאיסעיעוויטש׳ן איז עס נישט שען.

ר ח ל .

פאַרוואָס ?

מ י ש אַ .

פאַר דאָס ! פאַרוואָס ? דעם טאַטענס בעסטער פריינד...

ר ח ל .

מילא ?

מ י ש אַ .

און ער ווייסט גאַנץ גוט, ווי מיר לעבען צוזאַמען...

ר ח ל .

ווי מיר ה אָ ב ע ן געלעבט צוזאַמען...

ס אָ נ י אַ

מאַמע, וואָס איז עפּיס מיט דיר ?

מ י ש אַ

(האַרט).

וואָס ווילסטו דערמיט זאָגען ?

ס אָ נ י אַ

(וויינערליך).

איך הויב שוין אָן מורא צו האָבען פאַר היינטיגען אָווענד.

ר ח ל.

וואָס איז דאָ פאַרהאַן וואָס מורא צו האָבען, קינדעניו? דער אָוועגד איז דאָך אַ גאַנץ לוסטיגער. דיין ברודער האָט געכּו-נען זיין גליק, און דיין מאַמע... (בעהאַלט דאָס געזיכט אין די הענד).

ס אָ נ י אַ

(מיט שרעק).

מאַמאַ!

מ י ש אַ

(שפּרינגט-צו מיט שרעק).

מאַמאַ!

ר ח ל

(געפּאַכטער).

יאָ, קינדער, איך האָב איצט חרטה געקראָגען, וואָס איך האָב אָבגעזאָגט אַבראַם מאָאיסעיעוויטש'ן, און איך וועל דאָס איהם זאָגען.

מ י ש אַ און ס אָ נ י אַ.

מ אַ מ אַ!

ר ח ל.

יאָ, קינדער, איך בין געוועזען מוטער און פרוי און האָב דעם מענש אין מיר פערגעסען. איצט האָסטו אַליין, מישאַ, דערמאָהנט מיך, אַז איך בין אַ מענש.

מ י ש אַ

(איראָניש).

און דערפאַר ווילסטו חתונה האָבען.

ר ח ל.

(בעליידיגט).

פוי! ווען דו ווערסט אַזוי רעדען, וועל איך מיט דיר מעהר נישט רעדען.

ס אָ נ י אַ

(לעגט אַוועק דעם קאָפּ אויף דער האַנד און צעוויינט זיך).

פּאַפּאַ! פּאַפּאַ! פּאַפּאַ!

ר ח ל.

אַבראַם מאָאיסעיעוויטש האָט געזאָגט, אַז ער האָט מורא צו זיין אַליין און איינזאַם אויף דער עלטער. איך האָב איהם געענטפערט, אַז איך האָב מיינע קינדער. איצט זעה איך איין, אַז איך וועל אפשר דאַרפען זיין נאָר אַ זעלטענער גאַסט ביי מיינע קינדער.

מ י ש אַ.

און דו האָסט שוין בעשלאָסען, אַז דו ווערסט דאַרפען ביי מיר זיין אַ זעלטענער גאַסט?

ר ח ל.

וואָס דען, נאַרעלע? אודאי.

ס אָ נ י אַ.

און איך, וואו בין איך?

ר ח ל.

וואָס ווייס איך? פּסח וואָל האָט אפשר אַ זוהן אויך? אָדער קנאַפּ וואָל'ס זענען דאָ?

מישאַ

(נערוועז).

און אויף דעם סמך דאַרפסטו אויך אויף גיך כאַפּען און חתונה האָבען?

רחל.

פאַר מיר איז עס גענוג סמך.

מישאַ.

און דאָס איז דיין גאַנצע ליעבע צום טאַטען?

רחל.

אין דער הינזיכט דאַרפסטו מיר געוויס קיין פאָרוואורף נישט מאַכען. דאָסווייסטו גוט.

סאָניאַ

(ווידער אוועקלעגענדיג דעם קאָפּ אויף די הענד).

פּאַפּאַ! פּאַפּאַ! פּאַפּאַ!

רחל.

אַבראַם מאָאיסעיעוויטש ליעבט אויך אייער פאָטער. איהר מעגט זיין זיכער, אַז די ליעבע צום טויטען וועט אונז...

סאָניאַ

(פאלט צו איהר צו).

מאַמאַ, מאַמאָטשקאַ, טו דאָס נישט, זיי מיט אונז. מיר האָבען דאָך אזוי איניג געלעבט און מיר וועלען ווייטער אויך אַזוי לעבען.

רחל.

מיט אַ שעה צוריק האָב איך אויך אַזוי געגלויבט. איצט גלויב איך שוין נישט מעהר.

מישאַ.

אַך, דאָס איז ביי דיר אַ קאַפּריז.

רחל.

איך האָב קיין קאַפּריזען נישט.

מישאַ

(זעהר אויפגערעגט).

טאָ זאָג איך דיר, מאַמאַ, אַז... (שרייט אויס) סיידען, דו ווילסט מיך נישט האָבען פאַר אַ זוהן!

סאָניאַ

(דורך טרערען).

יאָ, יאָ, יאָ. סיידען דו ווילסט אונז נישט האָבען פאַר קיין קינדער!

מישאַ.

אין דעם מאָמענט, ווען דו ווערסט מאַדאַם זאַלקינד, הערסטו אויף צו זיין אונזער מוטער.

רחל.

דאָס סטראַשעסטו מיך?

מישאַ.

ניין, דאָס וועט אַזוי זיין.

סאָניאַ.

יאָ! דאָס וועט זיכער אַזוי זיין.

רחל.

איז דער טויטער טאַטע אייך טייערער ווי די לעבעדיגע מאַמע?... נאָר איך פערגין עס איהם פון גאַנצען האַרצען... אָבער איצט מוז איך חתונה האָבען פאַר אַבראַם מאָאיסע-יעוויטש'ן.

מישאַ.

איצט מוזטו? דאָס איז צו קלוג פאַר מיר.

רחל.

ווייל איך האָב מיינע קינדער סיי-ווי-סיי פערלאָרען. איצט האָב איך ערפאַהרען, אַז איהר האָט געליעבט אין מיר נישט די מוטער, נאָר אייער טאַטענס ווייב.

מישאָ.

נישט אמת!

סאָניאַ.

נישט אמת, נישט אמת, נישט אמת!

רחל.

בקיצור, קינדער... עס בלייבט, ווי איך האָב בעשלאָסען.

מישאַ

(העכסט אויפגערעגט).

אָבער דאַן בלייבט עס, ווי מיר האָבען בעשלאָסען.

ס אָ נ י אַ.

יאָ, יאָ, יאָ.

ר ח ל.

קינדער!

מ י ש אַ.

מיר ווילען נישט, דו זאָלסט ווערען מאַדאַם זאַלקינד. מיר וועלען אויף דערויף קוקען, ווי דו וואָלסט פעראַטען דעם פאָטער.

ר ח ל.

מישאַ!

מ י ש אַ.

איך רעד מיט דיר אָפען...

ס אָ נ י אַ.

מאַמאָטשקאַ, זאָג, אַז דו וועסט עס נישט טון.

ר ח ל

(שמייכעלט און שאָקעלט מיט'ן קאָפּ.)

ס אָ נ י אַ.

ניין, האַ, מאַמאָטשקאַ? זאָג דאָך, ניין?

ר ח ל

(שמייכעלט).

מיר דוכט, אַז איך וועל עס געוויס טון.

מישאַ

(העכסט אויפגערעגט).

נו, איז גוט! האָב דיר דיין אַבראַם מאָאיסעיעוויטש׳ן, ווען ער איז דיר אַזוי טייער. מיך ווערסטו שוין מעהר נישט האָבען.

סאָניאַ.

און מיך אויך נישט...

רחל

(ביטער).

אַז אייך איז ליעב, איז מיר ניחא.

סאָניאַ.

האָסט מסתמא גאָר קיינמאָל נישט ליעב געהאַט דעם טאַטען.

רחל

(שמייכעלט ביטער).

מישאַ.

נו, איז גוט. קום, סאָניאַ, מיר בלייבען נאָך גרעסערע יתומים.

רחל.

קינדער!

מישאַ.

קום, סאָניאַ!

ר ח ל.

קינדער!

מ י ש אַ

(פיהרט אַרויס דורך דער הינטערשטער טהיר די שטאַרק-ווײנענדיגע סאָניא).

ר ח ל

(ברעכט אויס אין אַ געוויין).

קינדער, קינדער, קינדער!...

(פ אָ ר ה אַ נ ג).



אין זעקס יאָהר אַרום. — דאָסזעלבע צימער, כמעט דאָסזעלבע מעבעל. די סאָפע איז אַ נייע; אונטער'ן טיש ליעגט אַ טעפּיך, אויפ'ן טיש אַנ'אַנדער טישטוך; איבער'ן טיש אַ גאַזלאָמפּ. אויפ'ן טיש בלומען. — פאַרנאַכט אין אַ שפּעט זומערטאָג. סיאָמקע, אַ יונגעלע פון אַ יאָהר 4—5, לויפט אַרום איבער'ן צימער, רייטענדיג אויף אַ פערד, וואָס איז אַרויפגעשטעקט ביים עק אויף אַ לאַנגען שטעקען, און פּאַטשט מיט אַ בייטש. זעלדע נעהמט אַרויס פון בופעט אַ טישטוך און דעקט דעם טיש.

### זעלדע.

שפּרינג דאָך נישט אַזוי. וועסט אויפוועקען די טיאָטיע.

### סיאָמקע

(שפּרינגט נאָך שטאַרקער).

טפּרררו! טפּרררו. טפּרררו!

### זעלדע.

וועסט דו אויפהערען?

סיאָמקאַ.

מיין פערד איז זיך פונאַנדערגעלאָפּען, איך קען עס נישט אָבשטעלען.

זעלדע.

וועל איך איהם דיר אָבשטעלען. איך וועל איהם ביי דיר גאָר אָבנעהמען.

סיאָמקע.

יאָ, ער בייסט זיך, פּרוב נאָר צוגעהן. (שפּרינגט צו צו זעלדען), מאָ, מאָ, מאָ!

זעלדע.

טיאָטיע סאָניע איז קראַנק, זאָלסט נישט אַזוי רוישען.

סיאָמקע

(שטילער).

טפּררו! טפּררו! טפּררו!

זעלדע.

געה גאָר אין גאָרטען צו דער מאַמען. געה.

סיאָמקע

(שפּרינגט ארויס).

מצצצ, נאָ, נאָ!

זעלדע.

וועט זיין אַ ביסעל שטילער. דול קאָן מען פון איהם ווע-

רעזן. (דעקט דעם טיש, צושטעלם טעלער, מעסער, גאָפּעל. — עס קלינ. געלט, זי גיט אַ קוק אויף דעם קליינעם װעקער, װעלכער שטעהט אויפ׳ן בופעט, און רעדט אַרױס אונטער׳ן נאָז, פערװאונדערט): דער בעל-הבית? לויפט עפּענען די טהיר און געהט באַלד צוריק אַריין מיט רחל׳. ען און קוקט אויף איהר מיט אַ פאַרשענדען בליק).

רחל

שטאַרק געעלטערערט, אין אַ דאָלמע, מיט אַ רייזע-טעשעל איבער די פּלייצעס, רעדט קוים כאַפּענדיג דעם אָטעם.

װאָס מאַכט סאָניע?

זעלדע

(בעטראַכט זי, פערדעכטיג).

װער זענט איהר?

רחל.

װאָס איז דאָ עפּעס אַזוי שטיל? טוט אַ טובה, זאָגט, װאָס מאַכט סאָניע?

זעלדע.

די באַרישניע איז שוין געזונד. זי געהט אַראָב פון בעט.

רחל

(אויפעטעמענדיג).

גאָט זיין דאַנק!

זעלדע

(ווי פריהער).

װער זייט איהר?

ר ח ל

(שפארט זיך אָן אָן בופעט, טריקענט זיך די אויגען).

ז ע ל ד ע

(דערשראָקען).

נאַט אייך אַ שטוהל.

ר ח ל

(ווי פריהער).

איז זי לאַנג קראַנק געווען?

ז ע ל ד ע.

אַ וואָכען זעקס.

ר ח ל.

געפעהרליך קראַנק?

ז ע ל ד ע.

פששש, אַלץ הייסט קראַנק. אַ טיפוס, אַזאַ שרעקליכער טיפוס. מען האָט פון איהר לעבען נישט געהאַלטען.

ר ח ל

(טריקענט זיך די אויגען, מיט אַ ציטעריגער שטימע).

ווען איז געווען דער קריזיס?

ז ע ל ד ע

(בעאָבאַכטענדיג).

שוין באַלד צוויי וואָכען.

ר ח ל.

גאָט זיי דאַנק!

זעלדע

(מיט אַ פריינדלי̇כען שמייכעל).

זעהט, קרוינעלעך, איך פרעג...

ר ח ל.

וואָס מאַכט זי איצט?

זעלדע

(ווידער קוקענדיג מיט אַ פאַרשענדיגען בליק און ציהענדיג די ווערטער).

איצט שלאָפט זי. — זאָל איך זי וועקען? אָדער זאָל איך אַריינרופען די בעל-הבית'טע פון גאָרטען? זעהט, ווי בלייך איהר זענט! — איז אײַך עפּעס נישט גוט? ברענגען אייך אַ גלאָז וואַסער?

ר ח ל

(שטיל).

ברענגט אַ ביסעל וואַסער.

זעלדע

(געהט ארויס, נישט אַראָבנעהמענדיג פון איהר איהרע פערזאָרגטען און דערשראָקענעם פאַרשענדיגען בליק).

ר ח ל

(הויבט אָן ארומצוקוקען זיך, מאַכט עטליכע שריט און קוקט זיך ווידער ארום).

זעלדע

(קומט אריין מיט א גלאָז וואסער אויף א קליינעם טעצעל).

רחל

(בעקוקט אלץ ווייטער; קרעכצט).

זעקס יאָהר! זעקס יאָהר!

זעלדע.

ווילט איהר נישט דאָס וואַסער?

רחל.

איהר קאָנט אַוועקשטעלען.

זעלדע

(גיט א פיהר מיט די אקסלען און שטעלט אוועק דאָס וואסער אויפ'ן טיש)

רחל

(בעקוקענדיג).

זעקס יאָהר, זעקס יאָהר.

זעלדע.

זענט איהר נישט די...?

רחל

(אריינקוקענדיג אין זאַל, מיט ציטערן).

וואו איז דאָס צווייטע בילד?

זעלדע

וואָס פאַר אַ צווייט בילד?

רחל.

דאָ, נעבען דעם בילד איז געהאָנגען אַ צווייט בילד, פון אַ פרוי.

זעלדע.

איך ווייס נישט. זינט איך בין דאָ, איז שטענדיג גע-האָנגען אויף דער וואַנד נאָר איין בילד. דאָס איז דאָך דעם בעל-הבית'ס טאַטע.

רחל

(מיט אַ טיעפען טרויער).

און די מאַמען האָט מען אַראָבגענומען. — זענט איהר שוין לאַנג דאָ?

זעלדע.

זינט סיאָמקע איז געבוירען געוואָרען. איך בין דאָך גע-ווען זיין אַם. דאָס איז שוין באַלד פינף יאָהר.

רחל

(ווי פריהער).

פערוואָרפען די מאַמען. — הענגט ערגיץ נישט דאָס צוויי-טע בילד?

זעלדע

(אויסווייכענדיג).

ערגיץ ני... ביי דער באַרישניע ערגיץ...

רחל

(מיט אַ ביטערן שמייכעל).

ביי — דער — באַרישניע — ערגיץ... (פאַסט זיך, פרעהליך).
און איהר זענט געוועזען סיאָמקע'ס אַם? ווי זעהט ער אויס?

זעלדע.

אָט, איהר וועט איהם זעהן. אַ גרויסער בחור'עץ געוואָ-
רען. און אַ שרעקליכער שטיפער. ער מאַכט מיך קראַנק, מאַכט
ער מיך. און שען איז ער, אַז מען קאָן זיך אין איהם נישט
איינקוקען

רחל

(זוכט אין איהר רייזע-טעשעל).

אויב איהר זענט סיאָמקע'ס אַם און ער איז אַ גרויסער
בחור'עץ, קריגט איהר ביי מיר פאָרלויפיג די ערשטע מתנה. — —
(שפאַרט איהר אין האַנד איין אַסיגנאַציע).

זעלדע

(נתפעל).

אָ, אַזוי פיעל! — אַ גרויסען דאַנק אייך! — אָבער זעהט,
איך פרעג אייך אַלץ און איהר ווילט מיר נישט ענטפערן.

רחל

(מיט דעם פריהערדיגען פרעהליכען טאָן, כמעט שעפטשענדיג).

לאָמיר אונז זעצען און איהר דערצעהלט מיר, ווי לעבט
מען עפּעס דאָ, וואָס מאַכט מען דאָ. אַ סך, אַ סך דער-
צעהלט מיר.

זעלדע

וואָס איז פאַראַן צו דערצעהלען, וואָס. מען לעבט דאָ זעהר גוט. מען לעבט ווי די טייבעלעך מעהר נישט איצט, דער באַרישניע׳ס קראַנקהייט..

רחל.

(ווי פריהער).

לעבען זיי, הייסט עס, גוט?

זעלדע.

זעהר גוט. מען בענשט זיך פשוט מיט זיי. איך זאָג דאָך אייך, ווי די טייבעלעך. זיי האָבען זיך אַזוי האָלט. אויף אַלע יודישע קינדער געזאָגט געוואָרען זייער לעבען. און זיי זענען דאָס טאַקע ווערט. אַזעלכע דימענטענע קינדער?

מישאַ.

אַייער בעל-הבית׳טע אויך?

זעלדע.

פששש, אַ שטיק גאָלד!

רחל.

גאָט זיי דאַנק, גאָט זיי דאַנק... (מיט אַ ציטעריגען טאָן). דערמאָהנט מען אַמאָל די מאַמע׳ן?

זעלדע

(אויסווייכענדיג).

ווע—מעס מאַ—מע?

רחל

איך מיין — איך מיין דעם בעל-הבית׳ס מאַמע.

זעלדע

זענט איהר דעם בעל-הבית׳ס מאַמע?

רחל

(מיט טרערען אין קול).
דערמאָנט מען זי אַמאָל? רעדט מען פון איהר ווען?

זעלדע

(אויסווייכענדיג).

איך ווייס? איך הער מיך דען צו, פון וואָס צו רעדען? איך זיץ מיר אין קיך. — אָי, דאָס עסען וועט פערברענט ווע-רען! (איילט ארויס. קוקענדיג אויף רחל׳ען מיט אַ פאַרשענדיגען בליק).

רחל.

(בעהאַלט איהר געזיכט אין טאַשענטוך. איהר קערפער ציטערט פאַר איין איינגעהאַלטענעם געוויין. דאַן הויבט זי אויף די פערוויינטע אוי-גען, האַלטענדיג נאָך דאָס טיכעל אויפ׳ן מויל, און בעקוקט אַלץ. באַלד הויבט זי זיך אויף ענטשלאָסען, מאַכט צו דאָס רייזע-טעשעל און טוט אַ פּאָר שריט צו דער טהיר).

סיאָמקע

(שפרינגט אריין אויף זיין פערדעל).
זעלדע, מאַמע האָט... (דערזעהט רחל׳ען און בלייבט פערשעמט שטעהן).

רחל

(כאַפּט זיך אָן מיט איין האַנד פאַר׳ן בופעט און מיט דער אנדערער האַנד דאָס האַרץ).

אָי!

סיאָמקע

(ווייל פערקעהרען צוריק).

רחל.

סיאָמינקע! (זי לאָזט זיך צו איהם. ליידענשאַפטליך). סיאָמינקע!

סיאָמקע

(ווייל אַנטלויפען)

רחל

(כאַפּט איהם אַרום, אַראָפּלאָזענדיג זיך פאַר איהם אויף די קניע).
דו ביזט דאָך סיאָמינקע, יאָ? ביזט דאָך סיאָמינקע? — קינד מיינס, סיאָמינקע מיינער! איך בין דאָך דיין באָבע! קינד מיינס! (בעדעקט איהם מיט ליידענשאַפטליכע קושען). סיאָמינקע מיינער! קינדעניו מיינס! בחור'עך דו מיינער גרויסער! איך בין דאָך דיין באָבע! דיין באָבע רחל בין איך! (זי ווערט אלץ ליידענשאַפטליכער).

סיאָמקע

(רייסט זיך פון איהר).
געה, פּפוי, מאַכסט מיך נאַס (ווישט זיך דאָס געזיכט) מיט דיינע טרערען. וואָס ווייַנסטו?

רחל

(דריקט איהם צו זיך).
איך בין דאָך דיין באָבע, מיין קינדעניו, דיין באָבע רחל, סיאָמינקע.

סיאָמקע

(שטופּט זי אָב מיט ביידע הענד און קוקט אויף איהר אונגלויביג).
באָבע רחל?

רחל

(מיט ליידענשאַפטליכער וואַרימקייט).

דיין באָבע רחל בין איך — דיין בעליידיגטע, פערוואָר-פענע באָבע בין איך — דיין צעוועהטאָגטע באָבע בין איך. די מתנות, וועלכע איך פלעג דיר שיקען, פלעג איך דאָך בעקומען צוריק. דיין אונגליקליכע באָבע בין איך!

סיאָמקע

(ווי פריהער).

גנעה, איך האָב גאָר נישט אַזאַ באָבע. די באָבע אסתר איז גאָר מיין באָבע.

רחל.

ווייסט דו גאָרנישט פון דער באָבע רחל? איך בין דאָך דיין פאַפאַ׳ס מאַמע.

סיאָמקע.

דעם פאַפאַ׳ס מאַמע? האָט פאַפאַ אַ מאַמען?

רחל

(לאָזט איהם אָב און ברעכט אויס היסטעריש).

קינדער מיינע, קינדער מיינע!...

סיאָמקע

(רוקט זיך ביסלעכווייז אַרויס, קוקענדיג אויף איהר מיט חשד-אויגען, און אנטלויפט).

רחל

(שטעהט אויף די קניע, פערדעקט דאָס געזיכט, און שלוכצט).

קינדער מיינע, קינדער מיינע!..

מאַניאַ

(בעווייזט זיך אין דער הינטערשטער טהיר. הינטער איהר זעלדע).

רהל

(ווישט זיך דאָס געזיכט אין דערזעהט מאַניאַ'ן. שפּרינגט אויף).

אַך!

מאַניאַ

(שטיל).

איהר זענט דאָך די שוויגער?

רחל.

בּזיב איהר זענט מישאַ'ס ווייב, בין איך די שוויגער.

מאַניאַ.

(כאַפּט זיך מיט ביידע הענד פאַר די באַקען).

אָ, ווערלען זיך די קינדער דערשרעקען!

זעלדע

(גיט אַ מאַך מיט דער האַנד און פערשווינדט).

רחל.

איך — איך געה גלייך אַוועק.

מאַניאַ

(פערלעגען).

איך מיין עס גאָרנישט.

רחל.

איך האָב צו דיר גאָרנישט, מיין קינד,

מאַניאַ

(פערלאָרען).

איך ווייס ווירקליך נישט...

רחל

(ווישט זיך דאָס געזיכט און וואַרפט אַ בליק אַרום זיך, מיט'ן טאַשענטוך אין האַנט בּיים מויל).

איצט קאָן איך געהן. — זיי געזונד — מאַניאַ, דאַכט זיך?

מאַניאַ.

יאָ, שוויגער.

רחל.

שלום עליכם האָסטו מיר נישט געקאָנט געבען, האָסט נישט געוואוסט, ווער איך בין. איצט ווייסטו... (מיט פערשטיקטע טרערען) טאָ גיב מיר די האַנד צו אַ זיי-געזונד.

מאַניאַ

(גיט איהר די האַנד).

איהר דאַרפט אויף מיר נישט ברוגז זיין, שוויגער, אָבער איך ווייס ווירקליך נישט... איך קאָן עפּיס נישט... די קינדער וועלען זיך אַזוי... וועלען אַזוי איבערראַשט זיין... מממ, יאָ, איך טו אָבער נישט גוט. איך טאָר אייך נישט אַוועקלאָזען.

רחל.

זיי געזונד, מאַניאַ.

מאַניאַ.

אָי! אפילו צווען זיך האָב איך אייך נישט געבעטען.

רחל.

זיי געזונד, מאַניאַ, אַ גרויסען דאַנק דיר פאַר דאָס גליק־ליכע לעבען, וואָס דו פערשאַפסט מיין זוהן, און פאַר די שוועס־טערליכע פריינדשאַפט, וואָס דו ווייזט אַרויס מיין סאָניאַ׳ן.

מאַניאַ.

מממ, אָי, איך טו נישט גוט, איך טו נישט גוט... באַלד קומט שוין מישאַ... סאָניאַ׳ן אויפוועקען... זאָגט מיר כאָטש, פאַרוואָס זענט איהר געקומען? (פערלעגען) איך מיין, פאַרוואָס גאָר פלוצלונג? (נאָך פערלעגענער) איך מיין...

רחל.

איך פערשטעה, איך פערשטעה, מיין קינד. דו קאָנסט עס פרעגען. די מעשה איז אַזוי, איינער איז געקומען פון דאַ־נען צו אונז אין יעקאַטערינאָסלאַוו און האָט אונז דערצעהלט, אַז סאָניאַ איז געפעהרליך קראַנק, האָב איך געכאַפט און בין געקומען צופאָהרען. (געבראָכען) גאָט זיי דאַנק, זי איז געזונד געוואָרען און איך קאָן צוריק פערשווינדען... און שרייבען אייך בריעף, וועלכע איך וועל בעקומען צוריק נישט פונאַנדערגעע־פענטע...

מאַניאַ.

אַך, גאָט!

רחל.

נאַ, זיי געזונד, מיין טאָכטער. איך פאָהר אַוועק אַ גליק־

ליכּע, וואָס מיין טאָכטער איז געזונד געוואָרען און וואָס מיין זוהן לעבּט אַ גליקליך פאַמיליען-לעבען. וואָס דאַרף איך מעהר?

מאַניאַ.

ווייסט איהר, וואָס עס וועט זיין, וועט זיין — איך וועל אייך נישט אַוועקלאָזען.

רחל.

ניין, מיין קינד, איך וועל אַוועקגעהן.

מאַניאַ

(אויפגעלעבט).

ניין, איהר וועט בלייבען דאָ. איהר ווילט דאָך נישט אַוועקגעהן.

רחל

(פערדעקט זיך דאָס געזיכט מיט'ן טאַשענטוך און וויינט שטיל).

מאַניאַ.

זעהט איהר, נו — איהר ווילט דאָך נישט אַוועקגעהן. איך געה גלייך אויפוועקען סאָניאַ'ן.

רחל

(האלט זי אָב).

ניין, מיין טאָכטער. סאָניאַ'ן קאָן דאָס איצט שאַדען.

מאַניאַ.

מממ, אָי! איז וואָס מאַכט מען? וואַרט, איך וועל אַריינ-

געהן און זעהן עפּיס פּאָרבערייטען זי. — איך וועל אייך נישט אַוועקלאָזען. נעהמט אַראָב די דאָלמע. — שאַ, איהר קענט דאָך גאָרנישט אייער אייניקעל. — (שרייט אַרויס אין קיך) זעלדע, שיקט אַריין סיאָמקע'ן! (קעהרט זיך אום צו רחל'ען) טוט אויס אייער דאָלמע.

רחל.

מיין אייניקעל קען איך שוין, ער איז דאָ פריהער גע-ווען און איך האָב זיך איהם פאָרגעשטעלט. אָבער איצט וועל איך איהם זאָגען אַ „זייַ געזונד".

מאַניאַ.

ניין, ניין, ניין. איהר וועט נישט אַוועקגעהן. באַלד קומט מישאַ. איך וועל זעהן עפּיס מיט סאָניאַ'ן.

סיאָמקע

(לויפט אריין און שטעלט זיך צו צו מאַניאַ'ן, קוקענדיג מיט פרעגענ-דיגע אויגען אויף רחל'ען).

מאַניאַ.

זעהסט, סיאָמקע, דאָס איז די באָבע רחל.

סיאָמקע.

באָבע רחל? נישט די באָבע, נאָר די באָבע רחל.

מאַניאַ.

דאָס איז דאָך פּאַפּאַ'ס און טיאָטיע סאָניאַ'ס מאַמאַ. געה צו, גיב אַ קוש.

סיאָמקע

(שטעהט אלץ נעבען איהר).

פּאַפּאַ׳ס מאַמאַ? געה, נישט אמת.

מאַניאַ.

די באָבע רחל וואוינט ווייט פון דאַנען, אין אַנ׳אַנדער שטאָדט, איז זי היינט געקומען צופאָהרען, געה צו, סיאָמקע, זיי ׳א גוט יונגעל׳,

סיאָמקע

(געהט צו צו רחל׳ען מיט לאַנגזאַמע טריט).

ביזט דו באָבע רחל, יאָ? די באָבע איז מיין באָבע, און דו ביזט דו, באָבע רחל.

רחל

(הויבט איהם אויף צו זיך. ליידענשאַפטליך).

קינד דו מיינס, קינד דו מיינס.

סיאָמקע

(רייסט זיך).

געה, מאַכּסט מיך ווידער נאַס.

מאַניאַ

(מיט שרעק).

סיאָמקע!

רחל.

טאַקע איך ווין שוין צופיעל.

### סאָניאַ.

(קומט אַריין אין צימער פון דער הינטערשטער טהיר. בלאַס, אָבגע־שאָרענע האָר, שוואַכע טריט. זי קוקט אויף דעם גאַסט אין שטוב, וואָס שמעהט צו איהר מיט'ן רוקען, און גיט אַ ציטער).

אָי! (ווי דערשלעפּט זיך קוים צו דער סאָפע).

### סיאָמקע

(לאָזט זיך צו איהר).

טיאָטיע סאָניאַ, טיאָטיע סאָניאַ! זעהסט דאָס איז — (דער־שראָקען) — באָבע רחל.

### רחל

(דערהערענדיג סאָניאַ'ס „אָי". קעהרט זיך אום מיט אַ ציטער, וויל אַ טראָט טאָן צוריק און מאַכט אַ פּאָר טריט פאָראויס, מיט אימפּעט, שעפּטשענדיג).

טאָכטער מיינע! סאָניטשקע!

### מאַניאַ

(כאַפּט זיך אָן מיט ביידע הענד פאַר די באַקען און שפּאַנט אָן די אויגען).

### זעלדע

(בעווייזט זיך מיט איין זייט אין טהיר און קוקט נייגעריג מיט איין אָנגערוקטען שטערן).

### סאָניאַ

(לעגט אַוועק דעם קאָפּ אויפ'ן טיש און צעווייינט זיך).

## סיאָמקע

(געהט אָב אַ דערשראָקענער און בלייבט שטעהן פריהער נעבען רחל'ען, דערנאָך נעבען סאָניאַ'ן)

### רחל.

טאָכטער מיינע, סאָניטשקע! — ווי דו זעהסט אויס! — איך האָב גאָרנישט געטאָרט איצט קומען. — מען האָט אונז עהער-נעכטען אָנגעזאָגט, אַז דו ביסט געפעהרליך קראַנק. איך האָב נ״שט געקאָנט איינזיצען. איך האָב געמיינט, איך וועל משוגע ווערען. אין דעם זעלביגען טאָג זענען מיר אַרויסגעפאָהרען. איך און זאַלקינד. איצט, גאָט זיי דאַנק... טאָכטער, טאָכטער! הויב אויף דיינע אויגען, טו אַ קוק אויף מיר. לאָז מיך זיך זאַט אָנקוקען אויף דיר, — באַלד זעקס יאָהר. זעקס אונגליק-ליכע, עלענדע יאָהר.

### סאָניאַ

(בלייבט אונבעוועגט).

### רחל

(שטיל).

ווילסט, איך זאָל אַוועקגעהן?

### זעלדע

(זיפצט אָב).

אַך, רבונו של עולם! (געהט אַוועק).

### רחל

זאָל איך אַוועקגעהן?

סיאָמקע

(צו מאַניאַ'ן).

באָבע רחל אַוועקגעהן?

סאָניאַ

(הויבט אויף דעם קאָפּ, פּערדעקט אָבער דאָס געזיכט מיט ביידע הענד).

איך קאָן נישט רעדען. (זי לאָזט ווידער אַראָב דעם קאָפּ מיט אַ יאָמער).

סיאָמקע

(צו מאַניאַ'ן).

טיאָטיע סאָניאַ וויינט.

מאַניאַ

(נעהמט איהם אָן פאַר דער האַנד און מאַכט מיט איהם אַ פּאָר טריט צו דער הינטערשטער טהיר און בלייבט דאָרט שטעהן).

רחל.

איך אָבער קאָן רעדען. די גאַנצע צייט האָב איך נישט אויפגעהערט מיט אייך צו רעדען. אייערע בילדער הענגען ביי מיר אין אַלע צימערן, שטעהען ביי מיר אויף אַלע טישען און קאָמאָדען, און יעדען טאָג, פריה און שפּעט, פאַר די גאַנצע זעקס יאָהר, האָב איך נישט אויפגעהערט צו רעדען מיט אייך און צו פרעגען ביי אייך: קינדער, וואָס האָט איהר צו מיר? איך האָב דאָס געפרעגט אין דער-פריה, און איך האָב דאָס גע-פרעגט ביי דער-נאַכט: „קינדער מיינע, קינדער מיינע, וואָס האָט איהר צו מיר?"

סיאָמקע

(צו מאַניאַ'ן)

די באָבע רחל וויינט אַלץ.

## מאַניאַ

(קעהרט זיך אָב מיט'ן געזיכט צום פענסטער און טריקענט זיך די אוי-
גען מיט איהר טאשענטוך).

### רחל.

איך האָב נישט אויפגעהערט צו שרייבען צו אייך בריעף, און איהר פלעגט זיי מיר אָבשיקען נישט פונאַנדערגעעפענטע, נישט געלייענטע. מיין האַרץ פלעגט יעדעס מאָל פערגאָסען ווע-רען מיט בלוט, אָבער איך האָב ווידער געשריבען. יעדער בריעף פלעגט אַוועקטראָגען מיט זיך מיינע גרעסטע האָפנונגען. ביז ער פלעגט אָנקומען צוריק, פלעג איך פאַנטאַזירען, אַז דעם בריעף האָט איהר אויפגעעפענט און איבערגעלייענט און זענט ווייך געוואָרען, און איצט וועט אָנקומען אַ בריעף פון אייך, אַ גוטער בריעף, אַ ליעבער בריעף. און אַז ער פלעגט אָנקומען צוריק, האָב איך מיך געפיהלט אַזוי אָרים, אַזוי עלענד, אַזוי צושמעטערט און דערשלאָגען. אָבער איך האָב ווידער געשריבען, ווידער אויסגעלעגט מיין גאַנץ האַרץ אויפ'ן פאַפיר, און ווידער אַוועקגעשיקט און ווידער געהאָפט. די גאַנצע צייט אַזוי, די גאַנצע צייט אַזוי.

### סיאָמקע

(צו מאַניאַ'ן).

מאַמאַ, דו דאָך נישט וויין. איך וועל אויך וויינען.

### רחל.

קינדער, קינדער, זעהט, וואָס איהר האָט געמאַכט פון מיר! איך בין שטאָלץ, אָבער איך האָב פערגעסען מיין שטאָלצ-קייט. מען האָט מיך געהאַלטען פאַר אַ שטאַרקען מענש, אָבער איך האָב נישט געוואָלט זיין שטאַרק געגען אייך. — סאָניטשקע, קאָנסטו נאָך אַלץ נישט רעדען? טאָכטער מיינע, הויב אויף דיין

קאָפּ, סאָניטשקע, זיי דאָך ... (עם קלינגעלט).

סיאָמקע

(לאָזט זיך צו דער טהיר).

פּאַפּאַ קומט! פּאַפּאַ קומט! פּאַפּאַ, באָבע רחל איז דאָ!
די נייע באָבע — באָבע רחל! (פערשווינדט מיט די ווערטער).

רחל

(האַלט איין איהר רעדען און כאַפּט זיך אָן אָן טיש, שטאַרק בעוועגט).

מאַניאַ

(שטעהט ביים פענסטער אין טיעפער אויפרעגונג).

סאָניאַ

(האַלט איין דאָס וויינען).

סיאָמקע

(קומט אריין טרויעריג).
פּאַפּאַ איז גאָר אַוועקגעגאַנגען...

סאָניאַ

(הויבט אויף דעם קאָפּ, ווי פערגליווערט אין שרעק).

מאַניאַ.

(שרייט-אויס פאר שרעק און כאַפּט זיך מיט ביידע הענד פאר די באַקען).

רחל

(פאַלט שיער נישט אום, פאַסט זיך און געהט לאַנגזאַם אַרויס פון צי-

מער מיט נישט זיבערע טריט, ווי אַ שכּור'ע, גאַניץ נידערגעשלאָגען, געבראָכען, געעלטערט.

מאַניאַ

(עטעמט אַרויס).

אָה, ווי שלעכט פון איהם!

סאָניאַ

(גליטשט זיך אַראָב אויף איהר זיץ אין חלשות).

(פאָרהאַנג).



אַ צימער בײַ זלאַטען אין שטוב, מיט צוויי פענסטער אין דער רעכטער וואַנד. אין דער הינטערגרונד-וואַנד אַ טהיר. נישט ווייט פון דער טהיר אַ גלעזער-שראַנק. בײַ דער וואַנד לינקס אַ ציראַטענע סאָפע, טיש און שטוהלען. אויף דער פאָדלאָגע— דאָראָזשקעס. אַ קאָכענדיגער סאַמאָוואַר אויפ'ן טיש.

## זאַלקינד

(אַ כך גרויער, שטעהט בײַ איין פענסטער און קוקט אַרויס אין גאַס.)

## זלאַטע.

(אַ יודענע פון אַ יאָהר פינף-און-פערציג, אין אַ געלען פאַרוק, זיצט בײַם טיש, מאַכט אַ זאָק, שאָקעלט דעם קאָפּ און זיפצט).

אַך, יאָ, יאָ. אַ ביטער פעקעל דאָס לעבען. האָב קינדער— איז שלעכט, האָב נישט קיין קינדער — איז נאָך ערגער. צרות אַזוי און צרות אַזוי.

זאַלקינד.

שוין אַ סך גלייכער, זאָג איך דיר, אַז מען האָט קיין קינדער נישט.

זלאַטע.

ע, זאָל מען נישט צוגעקומען ווערען צו דעם טעם. איך ווייס, וואָס דאָס הייסט נישט האָבען קיין קינדער. (ווישט זיך די אויגען).

זאַלקינד,

איך פרעג דיך דאָך נישט מעהר, וואָס האָט רחל פון איהרע קינדער? דאָס זענען דאָך עפּיס שטיינער, נישט קינדער. וועסט אַ קוק טון אויף רחל׳ען, וואָס פון איהר איז געוואָרען פאַר די זעקס יאָהר, וועסטו זי גאָרנישט דערקענען. אויסגעדאַרט, פער׳חשכ׳ט.

זלאַטע.

און דאָך...

זאַלקינד.

און דאָך: און דאָך! קאָנסטו מיר אפשר זאָגען, וואָס האָב איך פון מיינע קינדער? וועגען מיינע אַמעריקאַנער איז דאָך אָבּגערעדט, דאָס איז דאָך שוין אַ כלל: פאָהרט מען אַהין אַוועק, איז פערפאַלען, אפילו קיין בריוועל שרייבּט מען נישט. אָבער אפילו מיין פּעטערבורגער און מיין מינסקערין דערמאָהנען זיך אויך אויפ׳ן טאַטען, נאָר ווען זיי דאַרפען פון איהם עפּיס האָ-בען. אַזוי פערגעסען זיי אָן איהם, גלייך ער וואָלט געווען אַ געשטאָרבענער.

זלאַטע.

הערסט זאָך, איך וועל דיר עפּעס בעסערס דערצעהלען. איך האָב אַמאָל געזעהן, ווי אַ זוהן האָט געשלאָגען זיין אַלטע מוטער — דאָס איז געווען מנש'קע דער בלעכער, דו ווייסט דאָך, אין דעם קליינעם געסיל. ער האָט איהר אַראָבגעשלאָגען דעם הייב פון קאָפּ, האָט איהר צובלוטיגט דאָס מויל — נישט דאָ געדאַכט, נישט פאַר קיין יודישער טאָכטער געדאַכט — ער האָט איהר מסתמא אַרויסגעשלאָגען אַ צאָהן, — וויפיעל האָבען געדאַרפט האָבען איהרע אַלטער צייהנער, ווערה איז מיר! — האָט איהר געגעבען, נישט פאַר קיין מוטער געדאַכט, מיט'ן פוס אין בויך — אין דעם בויך, וועלכער האָט איהם געטראָגען, ווערה מיר נישט געשעהן! — איך האָב עס צוגעזעהן — עס איז זיך צונויפגעלאָפען אַנ'עולם מענשען — און עס איז מיר פינסטער געוואָרען אין די אויגען, איך בין אַ פערצאַפּעלטע געוואָרען. נישקשה, ער האָט געקראָגען פון עולם זיין לוין, מען האָט איהם געשלאָגען מכות אכזריות, אויף ליילעכער האָט מען איהם אַוועקגעטראָגען — נאָר נישט דאָס בין איך אויסען. וואָס האָב איך דיר געוואָלט זאָגען? איך בין געוועזען אויס מענש אַ גאַנצען טאָג. און ביי-נאַכט האָב איך נישט געקאָנט איינשלאָפען — עס האָט מיר אַלץ געוואָרפען אַ צאָהן אָן אַ צאָהן. אָבער שפּעטער האָב איך מיר פערגעבען אַ קשיא: צי וואָלסטו געוואָלט האָבען אַ קינד, און דאָס זאָל דיך שפּעטער אַזוי שלאָגען? ווי דו זעהסט מיך לעבען, איך האָב ביי מיר נישט געקאָנט פועל'ן, אַז ניין.

זאַלקינד.

ביסטו טאַקע אַ גרויסער נאַר.

זלאַטע.

אָי, אַז איך טענה דאָך: די יודענע, וועלכע וויל קיין קינדער נישט האָבען, איז ערגער ווי אַ ווילדע חיה.

זאַלקינד

נאַ, אָבגערעדט. (קוקט ווידער אַרויס אין פענסטער).

זלאַטע.

אַי, אַי, כאָטש איין קינד... זעהסט דאָך רחל׳ס קינדער. ווי טייער איז ביי זיי דער פערשטאָרבענער טאַטע? זייער גאַנ־צער כעס איז דאָך צוליעב דעם טאַטען.

זאַלקינד.

צוליעב דעם פערשטאָרבענעם. די מאַמע זאָל שטאַר־בען, וועלען זיי זי אויך ליעב האָבען.

זלאַטע.

איך וועל דיר זאָגען דעם אמת, איך ווייס נישט, צי מיר וואָלטען בעסער געוועזען. קינדער האָבען פאָרט נישט האָלט, אַז די מאַמע זאָל נעהמען אַ צווייטען מאַן.

זאַלקינד.

נאַ, גענוג, גענוג. פון די גזלנים זאָלסטו מיר גאָרנישט רעדען. (הויבט אָן אויפגערעגט ארומצוגעהן און שטעלט זיך ווידער ביים פענסטער). וואָס קומט זי שוין נישט?

זלאַטע.

וועסט זעהן, אַז זיי האָבען שלום געמאַכט.

זאַלקינד.

איך גלויב עס נישט. מען וואָלט שוין לאַנג געשיקט נאָך מיר.

זלאַטע.

אפשר איז די טאָכטער זעהר קראַנק.

זאַלקינד.

טו אַ שיק ווענען.

זלאַטע.

איך וועל מוזען אַליין אַ געה טון. איך האָב דאָך דיר שוין געזאָגט, אַז מיין דיענסט האָט היינט אַ חתונה.

זאַלקינד.

זיי דיך מטריח.

זלאַטע

(געהט צו צום טיש, לעגט אוועק דעם זאָק, מאַכענדיג זיך אונטערוועגס).

זאַלקינד.

שאַ, אַ דראָזשקע איז עפּיס צוגעפאָהרען.

זלאַטע.

(איילט אויף צום פענסטער).

הלואי זאָל עס זיין נאָך דיר.

זאַלקינד.

דאָס זיצט דאָך רחל!—אָי, זי קאָן זיך דאָך גאָר פון אָרט נישט אַ ריהר טון. (לויפט צו דער טהיר).

זלאַטע

(קוקט זיך אַיין אין פענסטער און לאָזט זיך אויך צו דער טהיר).

אָי, וועה, וועה! זיי זענען איהר דאָרטען דערגאַנגען די יָזָהרען!

רחל

(קומט אריין, געפיהרט פון זאַלקינד'ן, קוים האַלטענדיג זיך אויף די פיס, בלייך, געעלטערט).

וואָס האָסטו דיך אַזוי דערשראָקען? מענש איינער! איך האָב מיך אַביסעל פערטראַכט און פערגעסען, אַז איך דאַרף אַרויס פון דראָזשקע. (לאָזט זיך אַראָב אויף דער סאָפע און ווישט זיך דאָס געזיכט מיט'ן טאַשענטוך).

זאַלקינד.

איז עפּיס אַנ'אונגליק געשעהן?

רחל.

וואָס מיינסטו דערמיט?

זאַלקינד,

וואָס מאַכט סאָניאַ?

רחל.

זי איז שוין לאַנג געזונד. די יודישע פּאָסט וועגען איהר קראַנקהייט איז אונז צוגעקומען, ווען אַלץ איז שוין געווען לאַנג פאָראיבער. (נעהמט אָן אַ לוסטיג געזיכט). שלום עליכם, זלאַטע!

זלאַטע

(גערירט).

עליכם שלום, רחל'ע!

ר ח ל.

(איבט זיך אויף און צוקושט זיך מיט זלאטע'ן).

ז ל אַ ט ע.

איך בין עפּיס אַזוי צודרעהט געוואָרען, אַז איך האָב פערגעסען, אַז מען דאַרף דיר אָבגעבען שלום עליכם.

ר ח ל.

ווי געהט דאָס דיר עפּיס, זלאַטע? וואָס מאַכסטו עפּיס? ווי געהט עס דיין אַלטען?

ז ל אַ ט ע.

אָט, ווי געוועהנליך. מיין אַלטער איז געוועהנליך אין מאָסקווע און איך... אָט. (מאַכט אַוועק מיט דער האַנד). ווי דיר געהט, דאַרף איך שוין נישט פרעגען. איך וואָלט דיך, דאַכט זיך, נישט דערקענט. — נאַ. — וועסט טרינקען אַ גלעזעל טהיי? אָדער טרינקסטו קאַקאַאָ? דער סאַמאָוואַר איז נאָך הייס.

ר ח ל

(אין געדאַנקען).

טהיי?

ז ל אַ ט ע.

ווילסט נאָך אפשר עפּיס עסען? אָט שטעהען פּלעצלעך, בייס עפּיס דערווייל צו. וועסט עסען קאָטלעטען?

ר ח ל

(ווי פריהער).

עסען?

זלאַטע.

דו מוזט דאָך זיין גוט הונגעריג?

רחל.

איך—הונגעריג? איך בין זאַט, זעהר זאַט. (פלוצלונג פרעהליך, אָבער מיט אַ געבראָכענעם טאָן). איך קום דאָך ערשט פון מיינע קינ-דער! מען האָט דאָך דאָרטען געמאַכט אַ גאַנצע סעודה פאַר מיר.

זלאַטע.

זאָלען אַזוי לעבען מיינע שונאים!

רחל.

דער סאַמאָוואַר איז גלייך געשטעלט געוואָרען, און דער טיש איז געגרייט געוואָרען מיט כל טוב, און וויין איז געגאָ-סען געוואָרען, און—

זאַלקינד

(וועלכער האָט די גאַנצע צייט נישט אַראָפּגענומען פון איהר קיין אויג).

דרעהט אַ קאָפּ! (צו זלאַטע'ן) מאַך איהר עפּיס וואָס צו עסען.

רחל

(מיט אַ נאָך מעהר ציטערדיגען קול).

ווי הייסט, איך דרעה אַ קאָפּ? וואָלסט זעהן, וואָס פאַר אַיין איי‌ניקעל איך האָב. ער האָט זיך אַזוי דערפרעהט מיט מיר, מען האָט איהם אַזוי פיעל אָנגערעדט און אָנדערצעהלט פון מיר, אַז ער האָט מיך נישט אויפגעהערט צו מאָהנען: „וואו איז די באָבע רחל? וואו איז די באָבע רחל?“ (מיט קוים איינגעהאַלטענע טרערען). זעהסט, האַ?

ז אַ ל ק י נ ד

(גיסט איהר אָן דערווייל אַ גלאָז טהיי).

מעשות.

ר ח ל

(ברעכט פלוצלונג אויס אין אַ געוויין).

ז אַ ל ק י נ ד.

רחל! רחל!

ז ל אַ ט ע.

רחל'ע! רחל'ע!

ז אַ ל ק י נ ד

(צו זלאַטע'ן).

ברענג אַ גלאָז וואַסער.

ז ל אַ ט ע

(כאַפט אַ גלאָז פון טיש, שטעלט עס צוריק אַוועק, נעהמט אַרויס איין אַנדערס פון שאַנק און לויפט אַרויס, גאַנץ פערלוירען).

ז אַ ל ק י נ ד.

אָבער רחל, — שטאַרק דיך דאָך האָסט דאָך פריהער געוואוסט.

ז ל אַ ט ע

(לויפט אַריין מיט'ן גלאָז וואַסער).

נאַ, טו אַ טרונק וואַסער.

רחל

(וויינט אַרוים).

איך האָב שוין מעהר קיין קינדער נישט! איך האָב שוין מעהר קיין קינדער נישט!

זאַלקינד.

האָסט דאָך פריהער געוואוסט. נאַ, טו אַ טרונק וואַסער.

רחל

(זופּט אָב אַ ביסעל).

איך האָב גאָרנישט געוואוסט. איצט וויים איך עס.

זאַלקינד.

וואָס האָסטו מיר פערשפּראָכען, האַ? אַז דו וועסט דיר גאָרנישט אויסמאַכען, ווי זיי וועלען דיר נישט אויפנעהמען.

זלאַטע.

עס איז לייכט צו פערשפּרעכען.

רחל.

איך האָב דיר פאַלש פערשפּראָכען.—איך בין געווען אין האַרצען זיכער, אַז ווען זיי וועלען מיך דערזעהן, וועלען זיי זיך איבערבעטען. איך האָב מיר נישט געקענט פאָרשטעלען, אַז... אַז... אָי, אברהם, איך האָב נישט מעהר קיין קינדער!— גאַנצע זעקס יאָהר האָב איך געהאָפט, אַז זיי וועלען זיך אי-בערבעטען. עס האָט מיך פערדראָסען, עס האָט מיך געקרענקט, וואָס זיי זענען ברוגז, אָבער איך האָב אַלץ געהאָפט. איצט איז אויס, אויס. איך האָב מיינע קינדער טאַקע פערלוירען. אָי, קינדער, קינדער, קינדער.

זלאַטע

(ווישט זיך אויף די טרערען).

זאַלקינד

(געריהרט).

אָבער בערוהיג דיך, רחל, מיר פאָהרען דאָך נאָך נישט אַוועק. מיר וועלען נאָך זעהן, איך וויים...

רחל.

וואָס זעהן, ווען זעהן! עס איז אַלץ פערפאַלען. איך האָב שוין מעהר קיין קינדער נישט.

זאַלקינד.

טאָ דאַרפסטו דיך ערשט רעכט בערוהיגען. זיי פערדיענען נישט דיינע טרערען.

רחל.

לאָז מיך בעווינען מיינע געשטאָרבענע קינדער.

זלאַטע

(מיט שרעק).

אָי, רבונו של עולם!

זאַלקינד.

דו וואָלסט נעהמען אַ ביסעל ווײַן. דו האָסט נאָך היינט גאַרנישט געגעסען.

זלאַטע.

נאָך גאָרנישט אין מויל געהאַט.

זאַלקינד.

וויין אַ ביסעל האָט זי געטרונקען.

זלאַטע.

אוהום. געוואָלט זיך אונטערגעבען קוראַזש.

זאַלקינד

(זיפצט אָב).

נאָך, יאָ. (מיט געבעט). רחל...

רחל

(ברעכט אויס אין פערצווייפלונג).

אברהם, אברהם, גיב מיר אַוועק מיינע קינדער! — איך לייג דאָך דיר. איך וויל בעוויינען מיינע געשטאָרבענע קינדער, און איך פערגעס אויף אַ מינוט נישט, אַז זיי לעבען, אַז עס קאָן עפּיס אַזוינס געשעהן, אַז איך וועל זיי באלד האַלזען און קושען און בעשיטען זיי מיט די וואַרימסטע לאַסקעס, אַז איך וועל שרייען פאַר ענטציקונג. און מיין האַרץ צורייסט זיך מיר פאַר בענקעניש. אָי, אברהם, גיב מיר אַוועק מיינע קינדער!

זאַלקינד.

וואָס קאָן איך דאָ טון? ווילסט איך זאָל זיי געהן בע-טען? וועל איך געהן. איך וועל פויזען פאַר זיי אויף די קניע, איך וועל זיי בעטען רחמים.

רחל

(האלט איין דאָס וויינען, קוקט איהם שאַרף אָן).

דאָס וואָלסטו געטון?

זאַלקינד.

דאַרפסט נאָך פרעגען, רחל? ווען דו ווילסט, איך זאָל געהן ...

רחל

(ווישט זיך דאָס געזיכט, פאַסט זיך).

דו, איך געה צו זיי ווידער!

זאַלקינד.

וואָס רעדסטו?

זלאַטע

אָי, רבונו של עולם!

רחל

(ריהרט זיך פון סאָפאַ).

איך וועל אַוועקגעהן צו זיי, און—און——וואָס דו וואָלסט געקאָנט, וועל איך אויך קאָנען! איך וועל פויזען פאַר זיי אויף די קניע, איך וועל זיי בעטען רחמים.—עס מוז נעהמען אַ סוף. איך קאָן נישט מעהר, איך קאָן נישט מעהר.

זאַלקינד.

איך ווייס נאָך נישט, וואָס צווישען דיר מיט זיי איז פאָר־געקומען, אָבער איך שטעל מיר שוין פאָר—ווילסטו נייע ערני־דערונגען?

רחל.

זאָל זיין! עס מוז נעהמען אַ סוף.

ר ח ל.

זעהסטו דען נישט מיין האַרץ? זעהסטו דען נישט, ווי ס׳איז פערבלוטיגט? זעהסטו דען נישט, אַז איך בין נישט איך, אַז—וואָס ווייס איך! איך מוז, איך קאָן נישט אַנדערש. איך בין אַנטלאָפען, ווייל מיין זוהן איז געגאַנגען חתונה האָבען מיט דער דיענסטציוכעס טאָכטער, איך בין אַנטלאָפען פון דעם גרויסען עקעל, וואָס די לייט האָבען מיר איינגעפליסט. איצט וואָלט איך געלאָפען צו דער דיענסטציוכע אַליין און וואָלט מיך געוואָרפען פאַר איהר אויף די קניע און וואָלט זי געבעטען טויזענדער מאָל מחילה, אַבי——זעהסט דאָך—

ז אַ ל ק י נ ד

(ווישט זיך די אויגען).

געה, ווען דו מוזט.

ר ח ל.

איך מוז, איך מוז. (הויבט זיך פון אָרם און פאַלט צוריק).

ז אַ ל ק י נ ד.

רחל, וואָס איז מיט דיר?

ז ל אַ ט ע.

אָי, ווי בלייך זי איז געוואָרען!

ר ח ל.

איך מוז, און די פיס ווילען מיך גאָרנישט טראָגען.

ז אַ ל ק י נ ד,

נעהם אַ ביסעל וויין. (גיסט אָן אַ ביסעל וויין).

זאַלקינד.

אַ סוף וואָלט שוין גוט געווען, אָבער ...

רחל.

איך וועל פון זיי נישט אָבשטעהן, איך וועל דאָרטען זיצען אַ טאָג און צוויי און דריי, ביז זיי וועלען זיך איבערבעטען.

זלאַטע.

אָי, אַ מאַמע, אַ מאַמע!

זאַלקינד.

רחל, דו וועסט דיך אומזיסט ערנידעריגען. ביסטו דען נאָך נישט איבערצייגט, אַז דו וועסט זייער האַרץ נישט ווייכער מאַכען?

רחל.

דאַן האָב איך נאָך אַ מיטעל — איך צוגעה מיך מיט דיר!

זאַלקינד.

רחל, ווי קאָנסטו עס גאָר זאָגען?!

רחל.

ווען דאָס וועט מוזען זיין, וועט עס מוזען זיין. איך האָב מיט דיר חתונה געהאַט, אום נישט עלענד צו בלייבען, איצט בין איך אָבער טויזענד מאָל עלענדער.

זאַלקינד.

און איך?

זלאַטע.

געדאַרפט עפּיס אָבּעסען.

רחל.

איהר ווייסט, קינדער, מיר איז גאָרנישט גוט. מיר איז עפּיס אַזוי קאַלט.

זאַלקינד.

לעג דיך אַוועק, וועסט דיך איינדעקען, וועסט טרינקען אַ גלעזעל וואַרעמס.

זלאַטע.

איך ברענג גלייך אַ קישען. (לויפט ארוים).

רחל

(טרייסעלט זיך).

אוי, איז מיר קאַלט...

זלאַטע

(לויפט אריין מיט א קישען).

זאַלקינד

(וויל אויפהויבען רחל'ען די פיס אויף דער סאָפע).

רחל.

ניין, טוט מיך אָן און פיהרט מיך אַוועק צו די קינדער.

זלאַטע.

משוגע מיינע שונאים!

זאַלקינד.

אין אַזאַ צושטאַנד! מען וועט בעסער לויפען נאָך אַ דאָקטאָר.

רחל

(טרייסעלט זיך).

מיר איז זעהר שלעכט.

זאַלקינד

(לעגט זי אַוועק).

רחל

(שטאַרקט זיך).

ניין, איך וועל נישט ליעגען. פיהרט מיך אָב צו מיינע קינדער.

זלאַטע.

רוה דיך כאָטש אָב. קאָנסט נאָך בלייבען, מיינע שונאים, אויף דער דראָזשקע.

זאַלקינד.

טאַקע, ווי פיהרט מען דיך גאָר אין אַזאַ צושטאַנד?

רחל

(לאָזט אַראָב די פּים).

איהר ווילט נישט? איהר וועט מיך נישט אָבפיהרען? ווילט איהר, אַז איך זאָל אַליין אַוועק?

זאַלקינד.

רחל, האָב אויף זיך רחמנות.

זלאַטע.

גאָט איז מיט דיר, רחל'ע, זעה, ווי דו זעהסט אויס.

רחל.

אויף אַלע פיער וועל איך פויזען, מיט די לעצטע כחות וועל איך מיך רוקען און צו זיי וועל איך אַוועק. (הייבט זיך אויף מיט ענערגיע, פאלט אָבער גלייך צוריק).

זאַלקינד און זלאַטע

(דערשראָקען, עסק'ן זיך ארום איהר).

רחל

(צעוויינט זיך. מיט געבעט).

פיהרט מיך אַוועק צו די קינדער. האָט אויף מיר רחמנות!

זאַלקינד.

דאָס טאָרען מיר נישט טון. אָבער איך וועל לויפען נאָך זיי.

רחל.

זיי וועלען נישט קומען.

זאַלקינד.

ווילסט דו צו קינדער, וועלכע וועלען נישט קומען, ווען מען וועט זיי אָנזאָגען, אַז די מאַמע איז קראַנק?

רחל

(פעסט).

פיהר מיך אַוועק צו מיינע קינדער.

זאַלקינד.

איז גוט. אָבער פריהער וועל איך זיי געהן רופען. ווען זיי וועלען נישט קומען, וועל איך דיך אָבפיהרען אַהין.

רחל.

צו לאַנג צו וואַרטען.

זאַלקינד.

אָבער דערפאַר ווען זיי וועלען קומען, וועט דיין נחת זיין גרעסער.

רחל.

דאָס איז אַ גוטער געדאַנק.—אָבער ווען זיי וועלען נישט קומען?

זאַלקינד

(האַרט).

דיר איז דאָך אַלץ איינס. מיט נאָך איין ערנידערונג מעהר

רחל.

דו ביסט געריכט, געה נאָך זיי.

זאַלקינד.

(הויבט אָן אָנצוטאָן זיך)

רחל.

וואָס וועסטו זיי זאָגען?

זאַלקינד.

איך וועל זיי זאָגען, אַז דו האָסט געוואָלט, מען זאָל דיך אָבפיהרען צו זיי, נאָר דו פיהלסט זיך אַזוי שוואַך, אַז מיר האָבען מורא געהאַט, אַז דו וועסט חס ושלום בלייבען אויף דער דראָזשקע.

רחל.

איז גוט.

זאַלקינד.

דערווייל זאָלסטו דאָ עפּיס עסען און טרינקען. (געהט צו דער טהיר).

רחל.

וואַרט, אברהם, דו זאָלסט זיי מעהר גאָרנישט זאָגען ווי דאָס, וואָס דו האָסט מיר איצט געזאָגט. זאָלסט זיי נישט מוסר'ן.

זאַלקינד.

גוט.

רחל.

זאָלסט זיך נישט וואַרפען ביי זיי צו די פיס, נישט בע־טען זיך ביי זיי. ווען זיי וועלען זיך נישט גלייך אויפהויבען און געהן מיט דיר, זאָלסטו תיכף אַוועקגעהן.

זאַלקינד.

גוט.

רהל.

וועסטו אַזוי טון?

זאַלקינד

(שטיל).

גוט, רחל. (נעהם אַוועק).

רחל.

סאַר אַ גוטער ער איז!

(לענגערע פויזע).

רחל.

(לעגט זיך אַוועק).

זלאַטע.

(נעהמט אונטערוואַרמען דעם סאַמאָוואַר, אַריינוואַרפענדיג אין איהם היי־סע קוילען, און גרייט צו עפים צום עסען, זיפצענדיג אָפט).

אָך־אָך־אָך. ווילסט אַ שטיקעל פלייש, רחל, אָדער וועסטו

עפּיס צובייסען צום טיי?

ר ח ל

(ענטפערט נישט).

ז ל אַ ט ע

(זיפצט און ענטפערט זיך אַליין),

וואו וועט זי שוין דאָ עסען? (נעהמט זיך פאַר איהר זאָק).

(שווייגען).

ר ח ל.

ווי מיינסטו, זלאַטע, וועלען זיי קומען?

ז ל אַ ט ע.

איך מיין, אַז זיי דאַרפען קומען. וואָס דען, זיי זאָלען נאָך נישט קומען?

ר ח ל.

איך רעכֿען אויך, אַז זיי וועלען קומען.

ז ל אַ ט ע.

אָך, הלואי, רבונו של עולם!

(שווייגען).

ר ח ל.

הערסט דאָך, זלאַטע, אַז איך בין אַרויס פון זיי, האָב איך געהערט הינטער מיר אַ האַרציג אויסגעשריי: „אָ, ווי שלעכֿט פון איהם!“ איך ווייס אָבער נישט, ווער האָט עס אויסגעשריען, צי מיין טאָכטער, צי די שנור. איך בין געוועזען עפּיס אַזוי צודרעהט...

ז ל אַ ט ע

(זיפצט).

עס האָט דאָרטען געמוזט גוט צוגעהן.

רחל.

און מיין טאָכטערס קול קען איך דאָך איצטער נישט. זי האָט דאָך כמעט ווי נישט גערעדט. זי האָט זיך אַזוי דערשראָ-קען, די אָרימינקע.—ווי מיינסטו, זלאַטע, ווער האָט עס געקאָנט אויסשרייען?

זלאַטע.

וואָס קאָן איך דיר דאָ זאָגען, רחל'ע?

רחל.

אַ, איך וואָלט דאָס אַזוי וועלען וויסען!

זלאַטע.

זיי וועלען קומען, וועסטו שוין וויסען.

רחל.

זאָלען זיי נאָר קומען, וועל איך שוין מעהר גאָרנישט וועלען וויסען. אָך, זאָלען זיי נאָר קומען! אָ, מיין האַרץ דאַרף שוין אַנ'אָבּרוה.—זעקס יאָהר, זעקס יאָהר.

זלאַטע

(אָנגיסענדיג דערוויל איהר אַ גלאָז טהיי).

אָך, רחל, רחל! איך וואָלט מיר געווינשט איבערלעבען אַזעלכע צוועלף יאָהר, אַבי נאָר האָבען אַ קינד. וואָס ווייסטו, וואָס איך שטעה מיך אויס מיין גאַנץ לעבען, שוין אָט פינף-און-צוואַנציג יאָהר נאָך מיין חתונה. דו וועסט שוין שלום וועט רען מיט זיי, און איך וועל שוין שטאַרבען אַזוי פערוואָגעלט.— נאָ, וועסט טרינקען?

רחל.

האָסט איצט טייערע ווערטער געזאָגט, זלאַטע. ווייסט נישט, וואָס פאַר אַ טרייסט עס ליגט אין זיי פאַר מיר. זאָלען זיי נאָר קומען, מיינע קינדערלעך, איך וועל זיי אַ וואָרט נישט דערמאָנען פון די גאַנצע זעקס ביטערע יאָהר. (זעצט זיך אויף, שטרעקט אויס די האַנד נאָך דער גלאָז, די האַנד טרייסעלט זיך אָבער שטאַרק).

זלאַטע.

לאָז, איך וועל דיר געבען.

רחל

(מאַכט אַ פּאָר זופּ).

ניין, עס טרינקט זיך נישט.

זלאַטע.

דו מוזט דאָך אָבער.

רחל.

איך טראַכט אַלץ, ווער האָט עס געקענט אויסשרייען: מיין טאָכטער, אָדער די פרעמדע?

זלאַטע.

זאָל דיר דוכטען, אַז די טאָכטער.

רחל.

ווייסט, מיר דוכט זיך עס שוין טאַקע. איך וואָלט שווע-רען, אַז דאָס איז געוועזען מיין טאָכטער, מיין סאָניטשקע. „אָ, ווי שלעכט פון איהם!"

זלאַטע.

ווייסט, וואָס איך וואָלט דיר גאָר זאָגען, איך וואָלט שי-קען נאָך אַ דאָקטאָר. דו זעהסט מיר עפּיס אויס...

רחל.

דאָס האַרץ אַ ביסעל. גיב אַ ביסעל ווין. (טרינקט אָב אַ ביסעל). אַז זיי וועלן קומען, וועט עס זיין דער בעסטער דאָק-טאָר.—ווייסט, איך בין שוין כמעט זיכער, אַז דאָס האָט סאָ-ניטשקע אויסגעשריען.

זלאַטע.

ניין, רחל, איך וועל מוזען געהן אַ בעט טון אַ שכנה, זי זאָל רופען אַ דאָקטאָר.

ר ח ל.

מען דאַרף נישט, זלאַטע. באַלד וועט דאָך קומען אברהם מיט די קינדער.—„אָ, ווי שלעכט פון איהם!”—סאָניטשקע מיי-נע, טייערע מיינע, גאָלדענע מיינע!

ז ל אַ ט ע.

שאַ, עמיץ איז צוגעפאָהרען. (איילט צו צום פענסטער).

ר ח ל.

(שרייט אוים).

דאָס זענען זיי, דאָס זענען זיי

ז ל אַ ט ע.

(אַרויבקוקענדיג, מאַכט מיט די הענד אין פערצווייפלונג, מיט אַ ציטערדיגען טאָן)

מען זעהט גאָרנישט, עס איז פינסטער, איך וועל אַרויס-געהן אַ קוק טון (געהט אַרוים).

ר ח ל.

דאָס זענען זיי, דאָס זענען זיי! מיינע קינדערלעך, מיינע ליבינקע! מישינקאַ! סאָניטשקאַ! אָי, מיינע, מיינע... אָי! (פער-וואַרפט דעם קאָפּ).

ז אַ ל ק י נ ד

(קומט אַריין, נידערגעשלאָגען).

ז ל אַ ט ע

(נאָך איהם און ווישט זיך די אויגען).

ז אַ ל ק י נ ד.

דערשרעק דיך נישט, רחל'ע. סאָניאַ פיהלט זיך נישט גוט, און מישאַ איז נישט געוועזען אין דערהיים...——איך האָב גע-בראַכט אַ דראָזשקע, איך וועל דיך אַוועקפיהרען... אָי, רחל! וואָס איז מיט דיר, רחל? אָי, זי איז קאַלט! אָי, אַ דאָקטאָר אויף גיך, אַ דאָקטאָר!

ז ל אַ ט ע.

אָי, וועה מיר נישט! אָי, וועה מיר נישט!

(פ אָ ר ה אַ נ ג).



# גליקס-פערגעסענע

א דראמא אין 1 אקט

# פערזאָנען:

פַאנְיֶע סֶעגַאל: אייגענטימערען פון אַ שניידעריי.

לִיזֶע עֶהְרְלִיך: אַ מוזיקערין, } וואוינען ביי איהר אין שכנות.

הִינֶרעס: אַ לעהרער, }

אָרט: אַ רוסישע פראָווינץ־שטאָדט. צייט: די איצטיגע.

דאָס אַרבײַט-צימער בײַ פֿאַניע מעגאַל. אײן טהיר לינקס פֿון פּובליקום, אַ צװײטע—אין הינטער-גרונד. מעהר צום פֿאָרענט אַ גרױסער טיש, פֿערװאָרפֿען מיט אַרבײַט זאַכען; צװײ נײהמאַשינען פֿון בײדע זײַטען טיש, בײַ דער רעכטער װאַנד אַ פֿליגעל-שפּיגעל, צום װינקעל צו אַ גרױסער קאַמאָד. ניִשט װײַט פֿון איהם צװײ פֿיגורען (מאַנעקענעם) מיט מאַנטלען אױף זײ. מעהר צום מיטען סצענע אַ גרױסער לעדערנער לעהנשטוהל. — אָװענד, עס ברענט פֿײַער.



פֿאַניע: (לױפֿט אַרױס פֿון דער הינטער-גרונד-טהיר און קומט באַלד צוריק אַרײן מיט אַ בריעף אין די הענד. זי רײסט איהם נערװעז אױף און פערטיעפֿט זיך אין לײענען. באַלד שרײט זי אױס פֿאַר ענטציקונג) אָ — אָ! (פֿיהרט זיך מיט דער האַנד איבער דאָס געזיכט און די האָר, קוקט אַרײן אין בריעף, שרײט װיעדער אױס, אָטהעמט שװער, קוקט װיעדער אין בריעף און רעדט שװער אַרױס:) דו, ליעבער, ליעבער! (פֿערזינקט אַ װײלע אין געדאַנקען און באַלד הױבט זי אָן צו רופֿען) ליזע! ליזע! ליזע!

ליזע: (קומט אַרײן אױס-געפּוצט װי צו אַ באַל, אַרײנשטעקענדיג אַ נאָדעל אין היטעלע, מאַכט איהר נאָך). װאָס איז? װאָס איז? װאָס איז?

פֿאַניע: לײען! אױף גיך! דאָס איז פֿון בערמאַנען.

ליזע: (נעהמענדיג דעם בריעף) זעהסט, מיר האָבען ערשט גערעדט, אַנגענומען טאַקע זײן דראַמע? (קוקט אין בריעף)

פֿאַניע: קוקט איהר נאָך אין גרױס אױפֿרעגונג.

ליזע (לײענענדיג) אָ, פֿײן! (קעהרט איבער אַ זײטעל, לײענט װײטער). אָ הו, דאָס איז דאָך אַנ'אײנפֿאַכע ערקלערונג אין ליעבע! פֿאַניע, פֿאַניטשקע!

פֿאַניע: (מיט אַ פֿון פֿרײד פֿערהאַפּטען אָטהעם). האָסט דו עס אױך אַזױ פֿערשטאַנען?

ליזע: (אַרײנקוקענדיג אַלץ אין בריעף) װי קאָן מען דען אַנדערש פֿערשטעהן? (קלױבט זיך צו לײענען אױפ'ן קול),

אַ הוס ... (לייענט הויך מיט אַ געוויסער פֿייערליכקייט).
,,מיין דראַמע איז אָנגענומען געוואָרען און וועט געשפּיעלט ווערען נאָך היינטיגען ווינטער, די בעדינגונגען זענען אויסגעצייכענטע און דער דירעקטאָר פֿערשפּרעכט, מיר אַ גרויסען ערפֿאָלג און פֿאַרבייגעהענדיג אַ גרויסען נאָמען'': (לייענט אונטער דער נאָז, דורכלאָזענדיג עפּיס און באַלד ווידער הויך) ,,אַך, איהר האָט מיך געדראַפּט איצט זעהן. — איך האָב מיך אַזוי צו־זונגען און צו טאַנצט, אַז עס וועט זיין אַ וואונדער, אויב מען וועט מיך נישט משלח זיין פֿון דער דירה, איך פֿיהל מיך אַזוי שטאַרק, שאַפֿען, שאַפֿען. שאַפֿען!" (לייענט ווידער אונטער דער נאָז און גלייך מיט נאָך אַ גרעסערער פֿייערליכקייט און אַ געוויסער ווייכקייט'') און, נון, האָף איך, וועלען זיך אָנהויבען ביי אונז גוטע טעג און אויף אַזאַ אופֿן, וועלכער קאָן אייך נישט גלייכגילטיג זיין''. (הערט אויף צו לייענען). דאָס זענען אַ ביסעל פֿערשטעלטע, אָבער דאך גאַנץ קלאָרע דבורים. (מיט ליעבע און לאַסקע, איבערגעבענדיג פֿאַניען דעם בריעף) צווייפֿעלסט דו נאָך, דו גליקליכע? דו טייערע פֿאַניטשקע מיינע!
(נעהמט זי אַרום) אַך, דו... (קושט זי שטאַרק).
פֿאַניע: האָסט דו אויך אַזוי פֿערשטאַנען? (אָטהעמט פּלוצלונג אַרויס, אויפֿצוקענדיג מיט'ן גאַנצען קערפּער). אַך או! (פֿערדעקט זיך דאָס געזיכט מיט'ן בריעף, דריקט איהם צו צו די ליפּען און אָטהעמט שווער. באַלד נעהמט זי אַרויס דאָס טאַשענטיכעל פֿון דעם רעכטען אַרבעל און טראָגט עס צו צו די אויגען).
ליזע: (גערירהרט, האַלטענדיג זי מיטביידע הענד אַרום דער טאַליע) פֿאַניטשקע מיינע! (דריקט זיך צו צו איהר) אַך, ווי איך פֿרעה מיך! דו, טייערינקע מיינע! (פֿערטרוימט) איך ווייס שוין, ווי איך וועל היינט שפּיעלען ביי די גרינבערגס, מיין גאַנצע נשמה וועל איך אַריינלעגען, און דאָס וועט זיין די לוסטיגסטע, לאַבענדיגסטע נשמה, וועלכע האָט ווען עס איז געלעבט אויף דער וועלט.
פֿאַניע: (בויגט זיך אַראָב און קושט זי אויפֿ'ן קאָפּ)·
דו, גוטע מיינע!
ליזע. אָה, מיין חלום איז ענדליך מקוים געוואָרען!
פֿאַניע: (לאָזט זיך אַראָב אין לעהענשטול). דיין חלום?
ליזע: (חאַפּט פֿון טיש אַ שטיקעל מאַטעריע, שפּרייט עס אויס אויף דער פּאָדלאָגע און לאָזט זיך אַראָב אויף די קניע פֿאַר פֿאַניען). הערסט דאָך, איך האָב געטרוימט פֿאַר דיר אַ העלב-

פֿאַר וועלכען עס זאָל זיך וועלען אַראָב־נעהמען דאָס היטעל, נישט קוקענדיג אויף איהם אפילו, אַ זיגעס־מאַרש האָב איך געטרוימט פֿאַר דיר, פֿולע, שטאַרקע טענער, איין אויסנאַהם־מענש, איין איבער־מענש, ווי נור דו אַליין פֿערדיענסט איהם.

פֿאַניע: ששש, רייד נישט אַזוי.

ליזע: ניין, ניין, דאָס ווערסטו ביי מיר נישט אַוועקנעהמען. כל זמן איך וועל לעבען, וועל איך נישט אויפֿהערען צו בעוואונ־דערן דיך, איך וויים נישט, צו וועל איך געפֿינען אַ סך שוועסטער אַזעלכע ווי דו, דו האָסט דאָך קיין מאָל אויף זיך נישט געקוקט, וועגען דיר נישט געטראַכט און געאַרבייט שווער און ביטער. צו מאַכען פֿון דיין שוועסטער אַ מענש, איך וועל דיר זאָגען דעם אמת, אָפֿט בין איך געוועזען דיין שוועסטער אַלגאַ אַ גרויסער שונא, זי לעבט זיך דאָרט רוהיג און גליקליך אין פעטערבורג ווען דו...
(זי ענדיגט נישט).

פֿאַניע: (ווייך) ביזט אַ שלעכטע.

ליזע: איך האָב נישט געקאָנט צוזעהן, ווי דו אַרבייטסט דיך אָב.

פֿאַניע: איך בין אָבער געוועזען דערביי גליקליך, געפֿיהלט זיך ווי קיין צווייטע און איצט איז צו מיר קיין גלייכען ניטאָ, ווען איך זעה זי זעלבסטשטענדיג מיט אַ גרויסע צוקונפֿט פֿאַר זיך אַלס בעריהמטע מאַלערין.

ליזע. אַזאַ מין גליקליך זיין איז מיר נישט שטאַרק גע־פֿעלען, איך האָב געוואָלט פֿאַר דיר אַן׳אַנדער גליק און בעפֿרי־דיגונג. דאָס גליק פֿון ווייב זיין, פֿון מוטער זיין, פֿון געליעבטע און ליעבענדע.

פֿאַניע: (טרוימעריש) איך האָב מיך געוועזען אָבגעלערענט צו זעהן אין דער ליעבע און אין דעם פֿאַמיליענלעבען דאָס איינ־ציגע גליק.

ליזע: דו, אָרימע!

פֿאַניע: ווען די מאַמע, איז געשטאָרבען, איז מיר מיין וועג געוועזען קלאָר: זיין מיין מיט אַכט יאָהר יונגערע שוועסטער אַנשטאַט אַ טאַטען און אַנשטאַט אַ מאַמען. דאָס ציעל איז מיר געוועזען גרויס און הייליג און איך האָב וועגען דעם גאָר נישט אַנדערש געטראַכט, נור אין די ערשטע צוואַנציגער יאָהרען — אַזוי צווישען צוויי און צוואַנציג און פֿינף און צוואַנציג — איז אויף מיר אָנגעפֿאַלען אַ בענקעניש נאָך עטוואָס אַנדערש, נישט ווייל זי איז מיר חס ושלום צו שווער געוואָרען, אָבער איך האָב געוואָלט

עטוואָס מעהר, אַ פּילעס לעבען, גליק און — און — ליעבע, דעמאָלט פלעג איך אָפּט וויינען, נאָס מאַכען די קישען מיט מיינע טרעהרען, און בין געוועזען זעהר אומגליקליך, און דעמאָלט פלעג איך אָפּט אזוי בייז זיין — זעהסט איך בין גאָר קיין הייליגע נישט געוועזען.

ליזע: (ציהט אַראָב פּאַניעס קאָפּ צו זיך און קושט זי.) דו, דו, דו! —

פּאַניע: אָבער שפּעטער איז עס אַוועק פון מיר, ווי מיט די הענד אָבגענומען. אַלוואַ איז עלטער געוואָרען, איהר טאַלענט האָט זיך אָנגעהויבען אַלץ מעהר אַרויסצעווייזען, דאַן האָב איך מיך איינגאַנצען פערגעסען, און זי איז ווידער געוואָרען מיין גאַנץ לעבען.

ליזע: און דאָס איז אַלץ?

פּאַניע: וואָס נאָך מעהר? אמת, ווען מיין שוועסטער איז אַוועקגעפאָהרען קיין פּעטערבורג, איז זי אַרויס פון אונטער מיין רשות, און איך בין געבליעבען אַליין, האָט ווידער אויפגעוואַכט אין מיר די אַלטע בענקעניש, אָבער איך האָב מיר געזאָגט, אַז אין מיינע יאָהרען קאָן איך שוין ניט וואַרטען אויף גליק און ליעבע — אויף דאָס גליק און דער ליעבע, און איך האב מיר אָנגעטהון אַ כח אַרויסצורייסען, אויסצוואָרצלען פון מיין האַרצען יעדע בענקעניש, איך האָב מיר געזאָגט, מיין צוועק אין לעבען האָב איך שוין דערגרייכט — איך האָב אַנ׳אונבעהאָלפען קינד אַרויסגעהאָלפען און געשטעלט אויף די פיס — —

ליזע: אָבער דו האָסט דאָך געליעבט בערמאַנען?

פּאַניע: יאָ, איך האָב איהם געליעבט די גאַנצע צייט, אָבער איך האָב בעקעמפפט אין מיר דאָס געפיהל. דאָס לעבען האָט מיך אויסגעלערנט צו בעצווינגען און אונטער־דריקען מיינע פערלאַנגען. איך האָב מיר געזאָגט: ער איז צו הויך פאַר מיר —

ליזע: פאַר דיר צו הויך?

פּאַניע: און איך בין צו אָבגעלעבט פאַר איהם, און דאַן האָב איך מיר געזאָגט, אַז זיינע טעגליכע בעזוכען זענען צופעליגע, געהערען נישט מיר, נאָר זיין בעסטען פריינד און שוועסטערקינד הינדעס׳ן, וועלכער וואוינט צופעליג ביי מיר.

ליזע: אָבער ווי אַזוי האָסטו גאָר נישט אַרויסגעפיהלט, אַז ער איז צו דיר נישט גלייכגילטיג? אין זיינע אויגען האָסטו עס דאָך געדאַרפט אַרויסלייענען!

פּאַניע (שמייבעלט) זעהסט דאָך! — און אפשר איז עס

דער־פֿאַר, וואָס איך האָב יעטריבען פֿון מיר יעדען געדאַנק וועגען ליעבע, און האָב מיך געוואָלט איינשמועסן, אַז איך בין שוין איין אבגעדאַרט צווייגעל אויף דעם בוים פֿון לעבען — — —

ל י ז ע : (שפּרינגט אויף) אָ, ווי דו האָסט געזינדיגט געגען דיר!

פֿ אַ נ י ע : (שטעהט אויף אויף). אָבער איצט איז ווידער זאַפּט און קראַפֿט אין מיר, איצט בין איך ווידער יונג. — אַך לעבען, לעבען! — לעבען און געניסען דאָס לעבען, טרינקען עס מיט׳ן פֿולען אָטהעם, פֿיהלען עס מיט יעדעם פּולס־קלאַפּ — — אָך, ליזע! דו שפּיעל מיר איצט אַ זיעגעסמאַרש ·

אַ פֿריידענסליעד, אַ יודעלגעזאַנג...

ל י ז ע : אַז די ווענד זאָלען טאַנצען און די הימלען זאָלען צוזינגען, (לאָזט זיך צו דער טהיר לינקס, זינגענדיג: פריידע, טענער געטער־פֿונקען טאָכטער עלאוס עליזיום, וויר בעטרעטען... בלייבט שטעהן · שאַ, הינדעס געהט! (הערט זיך צו).

פֿ אַ נ י ע : (וועלכע איז געשטאַנען אין אַ פֿערציקונג, גיט זיך אַ טרייסעל מיט׳ן גאַנצען קערפּער אין טראָגט צו דעם פֿינגער צו דער נאָז אַרויסשעפּצענדיג). זאָג איהם גאָר נישט.

ל י ז ע : ניין, ער מוז עס וויסען, ער מוז זיך אויף פֿרעהען, אויב ער האָט דיך ווירקליך ליעב, מוז ער זיך אויף פֿרעהען. און דאַן זאָל ער איינמאָל פֿאַר אַלע מאָל אַרויסשלאָגען זיך פֿון קאָפּ.

פֿ אַ נ י ע. זיי דאָך נישט אַזוי שלעכט.

ל י ז ע. אַי, געה!... הינדעס! הינדעס!

פֿ אַ נ י ע. דו דאַרפֿסט דאָך שוין געהן צו די גרינבערגס.

ל י ז ע. איך האָב נאָך אַביסעל צייט... הינדעס! הינדעס!

ה י נ ד ע ס. (בעווייזט זיך אין דער הינטער טהיר, אין ברילען, אונטער דעם לינקען אָרם אַ קוליע, אונטער דעם רעכטען ביכער און אין די הענד פּאַפּירענע זעקלעך מיט עסענוואַרג.

פֿ אַ נ י ע. גנב׳עט זיך אַרויס פֿון דער טהיר לינקס.

ה י נ ד ע ס. גוטנ׳אָווענד, וואָס איז דאָס מער?

ל י ז ע. אויף גיך אַהער! פֿאַ — —

ה י נ ד ע ס. וועט מיר אפשר ערלויבט זיין אַריינצוטראָגען די פעקלעך אין מיין צימער?

ל י ז ע. אָבער אַ האָהר אויף נישט! פֿאַניע — — —

ה י נ ד ע ס. נעהמט אַרויס פֿון איין זעקעל אַנ׳עפּעל). נאָם איך אַנ׳עפּעל.

ליזע: (נישט נעהמענדיג עפעל). אַך, לאָזט ראַך אַרויס־ריידען! פּאַ — —

הינדעס. וועט מיר אפשר ערלויבען זיין צו צוזעצען זיך?

ליזע (שרייט אויס) פֿאַניע האָט ערהאַלטען אַ בריעף פֿון בערמאַנען!

הינדעס. — — צוזעצענדיג זיך) אַז מען האָט אָנגענומען זיין דראַמע. איך האָב אויך ערהאַלטען אַ בריעף פֿון בערמאַנען.

ליזע. דאָס איז גאָר נישט, דער עיקר איז, ער שדכנ'ט זיך צו איהר, ער מאַכט איהר אַזוי גוט ווי אַנ'אַנטראַג.

הינדעס. (העכסט פֿערוואונדערט) אַזוי גוט ווי אַנ'אַנטראַג? פֿאַניען?

ליזע. יאָ, און אַז פֿאַניע וועט אַרויסקומען, זאָלט איהר איהר אָבגעבען אַ רעכט פֿריינדליכען מזל טוב און איהר זאָלט קיין עגאָאי ... (פֿערחאַפּט זיך) הם, איך האָב ש'ער נישט געזאָגט קיין נאַרישקייט. — אַך, איך בין אַזוי פֿול מיט פֿרייד, און איך וואָלט געוואָלט, אַז די גאַנצע וועלט זאָל זיך פֿרעהען, הערט איהר, איהר זאָלט איהר העלפֿען פֿרעהען זיך, הערט איהר? און איצט האָט מיר אַ גוטען אָבענד, איך מוז שוין לויפֿען צו די גרינבערגס.

(לאָזט זיך צו דער טהיר לינקס, זינגט): „פֿריידע, טענער געטער־פֿונקען ...“

הינדעס (רופֿט איהר נאָך) אָבער צום טייוועל! פֿרייליין עהרליך!

ליזע. (אין טהיר), איך האָב איצט צום טייוועל קיין איין מינוט צייט נישט. (פֿערשווינדט).

הינדעס. (שטייסט אַרויס אַ בייזען טאָן, וואַרפֿט אויף דר'ערד זיין קיליע, לעגט אַוועק ביים שטוהל זיינע ביכער מיט די זעקלעך און ברומט אונטער). וואָס איז דאָס פֿאַר אַ לצנות! (נעהמט אַרויס פֿון בוזים־קעשענע אַ בריעף און קוקט אַריין, קוקט איבער איין זייט און די צווייטע, דאַן ווידער די ערשטע, דאַן ווידער די צווייטע שטייסט ווידער אַרויס זיין בייזען טאָן, שפּאַרט זיך אָן אויף זיין האַנד, וועלכע איז אָנגעלעהנט אויף דעם קאָפּ, און קוקט פֿאַר זיך מיט'ן בליק פֿון נישט בעגרייפֿען עפּיס.

פֿאַניע. (קומט אַריין. גאַנץ פֿערלעגען) גוטען אָבענד, הינדעס!

הינדעס. (ברומט אָב, נישט ענדערנדיג זיין פּאָזע). גוטנ'אָבענד!

פּאַניע. (וואַרפט אויף איהם אַ פערלעגענהייט־בליק און הויבט אָן צו בעשעפטיגען זיך מיט מאַנטלען, וועלכע הענגען אויף די פיגורען).

הינדעס. (ענדערט נישט זיין פּאָזע און קלאַפּט־אונטער מיט׳ן פוס, באַלד הערט ער אויף צו קלאַפּען און זאָגט, נישט קוקענדיג אויף פּאַניען). פרייליין סעגאַל, וועט מיר ערלויבט זיין אַריינצוקוקען אין בערמאַנס בריעף?

פּאַניע. (לאַכט אָב פערלעגען). דאָס איז אַ ביסעל אונ־דיסקרעט — נישט זעהר מעשה קאַוואַליער.

הינדעס. (אין דער זעלבע פּאָזע און דעם זעלבען טאָן). וועט מיר ערלויבט זיין אַריינצוקוקען אין בערמאַנס בריעף?

פּאַניע: (פערלעגען לאַכענדיג, וואַרפט איהם צו דעם בריעף, וועלכען זי האָט געהאַלטען אין אַרבעל). קוקט אַריין אויב אַייך ווילט זיך אַזוי.

הינדעס. (בויגט זיך לאַנגזאַם איין, דערלאַנגט דעם בריעף, צוריקקענדיג צו איהם, זעצט זיך צוריק און קוקט אַריין, באַלד ברומט ער אָב). הת, יאָ! (לאָזט אַראָב דעם בריעף אויף דאָס קניע, שטעלט וויעדער אָן דעם בליק אין דער ווייט, טרייסעלט נערוועז מיט׳ן פוס און ברומט־אונטער ווי פאַר זיך). אַזאַ אידיאָט צו זיין!

פּאַניע: (קוקט איהם ערשטוינט אָן).

הינדעס. (שטילער אַביסעל). אַזאַ אידיאָט צו זיין!

פּאַניע: (מיט דעם פערלעגענהייטס־לאַכען), ווער?

הינדעס: נישט איך. (הויבט אויף זיין קוליע מיט די ביכער און זעקלעך, שטעהט אויף און טראָגט־צו צו פּאַניען דעם בריעף).

פּאַניע. (ווייך, מיט געבעט). הינדעס, זייט דאָך נישט אַזוי אָנגערוקט, איהר מאַכט מיך גאַנץ טרויעריג.

הינדעס. איך געה צו מיר אין צימער, וועט איהר מיך נים זעהן.

פּאַניע. (ווי פריהער) רעדט נישט צו מיר אַזוי, הינדעס, זייט מיר מיין גוטער פריינד, ווי שטענדיג. (שטילער און פער־לעגענער) און זייט גוט צו בערמאַנען, איהר ווייסט דאָך, צווישען אונז, צווישען אַייך און מיר, האָט דאָך סיי ווי סיי גאָרנישט גע־קאָנט זיין.

הינדעס. דאָס דאַרפט איהר מיר נישט זאָגען, איך ווייס וואָס איך ווייס און האָב צו אַייך גאָרנישט.

פאַניע. היינט וואָס ווייס איהר אַזוי אָנגערוקט און זי־דעלט אַייך?

הינדעס. ווייל...

פאַניע. ווי ווייל?

הינדעס. (שלאָגענדיג זיך מיט דער דעה, שטורעמט אַרויס) ווייל אין כעס בין איך! שרייבט דער מענש אַזאַ אונפער־שטענדליכען, צווויידייטיגען, העכסט אונגעלומפערטען זאַץ און פערקאָכט אַ גאַנצע קאַשע.

פאַניע. וואָס מיינט איהרדערמיט?

הינדעס, וואָרום, פריילייַן סעגאַל, איהר ווייסט, וועלכע געפיהלען איך טראָג צו אַייך, און איהר ווייסט, אַז איך ווינש אַייך אַל דאָס בעסטע, און איך פערזיכער אַייך, אַז איך וואָלט גאַנץ טיעף אין מיר פערגראָבען מיין וועהטאָג און מיין בענקעניש און וואָלט מיך געפרעהט פון גאַנצען האַרצען, ווען עס וואָלט געוועזען אַזוי, ווי איהר האָט פערשטאַנען בערמאַנס בריעף.

פאַניע. ווי איך האָב פערשטאַנען בערמאַנס בריעף?

הינדעס, און וואָס מיך מאַכט אין כעס און פערצווייַ־פעלט, איז, אַז אַייך גראָד האָט עס געדאַרפט טרעפען און איך זאָל דאָ מוזען זיין דער אָפעראַטאָר אויף אַראָבצונעהמען די בעלמא פון אייערע אויגען.

פאַניע, (העכסט אויפגערעגט) רעדט אָהן משלים, ענדיגט אייער אַרבייט, דערשנייט, אַז איהר האָט שוין אָנגעהויבען צו שניידען.

הינדעס. (קוקט נישט אויף איהר און רעדט אַרויס אָנ־גערוקט). בערמאַן האָט געמיינט נישט אַייך.

פאַניע. נישט מיך??

הינדעס. נישט אַייך, נור אַייער שוועסטער.

(פאַניע. (שרייט אויף) אָה!

הינדעס. ער שרייבט מיר, אַז די בעגעגנונג מיט אַלגאַן איז איהם געוועזען, ווי ער וואָלט די שבינה עַנטדעקט, אַז ביס־לעכווייז איז ער אָנגעצונדען געוואָרען פון אַ פייערדיגער ליעבע און האָפט, אַז די ליעבע איז געגענזייטיג, אַז...

פאַניע. (פאַלט אויף אַ שטוהל מיט'ן געזיכט אויפ'ן טיש און ברעכט אויס אין אַ יאָמער). אַלץ האָט זי ביי מיר אַוועקגע־נומען! (אין העכסטער פערצווייפלונג, מיט געשרייען פון טיעפען האַרצען, וואַרפט זי אַרויף די הענד אויפ'ן קאָפּ און צופט זיך די האָהר).

הינדעס. (לאָזט אַראָב הי ביכער מיט די פּעקלעך אויף די פּאָדלאָגע, הינקט־צו צו פֿאַניען און נעהמט אַראָב איהרע הענד פֿון קאָפּ). איהר זייט בערעכטיגט צו וויינען, אָבער נישט אָנצו־טהון זיך אַ לייד.

פֿאַניע. (היסטעריש) אַלץ האָט זי ביי מיר אַוועקגענומען! מיין שטרעבען צום לערנען, מיין יוגענד, מיינע בעסטע האָפֿנונגען, און איצט ...

הינדעס. און איצט? — גאָר נישט. בערמאַן האָט אַייך, ווי איהר זעהט, גאָר נישט געליעבט. ווען נישט דער אונגליק־ליכער, צוויידייטיגער, העכסט אומגעלומפּערטער, איינפֿאַך אידיאָ־טישער זאַך ...

פֿאַניע. (שטיל). הינדעס, איך פֿיהל, אַז איך וויל נישט מעהר לעבען.

הינדעס. אונזין!

פֿאַניע. איך פֿיהל אַז אין האַרצען איז מיר געוואָרען אַ לאָך. עס איז מיר פּוסט און וויסט ביי דער נשמה, ווי איין אָב־גרונד וואָלט זיך אויפגעעפֿענט פֿאַר מיר... צו וואָס זאָל איך נאָך לעבען? איך קאָן נישט מעהר לעבען!

הינדעס. אונזין! אונזין!

פֿאַניע. איך האָב מיין לעבען שוין אָבגעלעבט...

הינדעס. יאַ!

פֿאַניע. (פֿערוואַרפֿט דעם קאָפּ אויף דעם ווענטעל פֿון שטוהל. האַרט). איך וויים, וואָס איך רייד, און ווייס, וואָס איך האָב צו טהון. פּויזע.

הינדעס (די גאַנצע צייט אָנקוקענדיג זי מיט אַ שאַרפֿען בליק. גראָב). איהר טראַכט איצט, וועלכען טויט צו מאַכען זיך.

פֿאַניע. (גיט זיך נישט קיין ריהר).

הינדעס. (זעצט זיך) איך וועל אַייך דערצעהלען אַ מעשה. אַמאָל איז געוועזען אַ מאַן, וועלכער — איז נישט דורך פֿערצווייפֿלונג און אומגליק, נור דורך וואוילטאָג און פֿערגניגען געקומען צום בעשלוס, אַז דאָס לעבען איז נישט ווערט געלעבט צו ווערען, און ער איז אַוועקגעגאַנגען קויפֿען זיך אַ רעוואָלווער, ווי ער געהט אַזוי, האָט אויסגעבראָכען אין גאַס אַ שרפה. אַ פֿיערשטאָקיג הויז האָט זיך אָנגעצונדען און איז אין איין אויגענבליק געשטאַנען אין פֿלאַמען. פּלוצלונג האָט זיך אין איינעם פֿון די

פֿענסטער פֿון דעם איבערשטען גאָרען בעוויזען אַ פֿרויענפֿיגור. די פֿייערלייט האָבען צוגעשטעלט די העכסטע לייטער און אַ מאַן האָט אָנגעהויבען צו קלעטערן אויף איהר. דאָס איז געוועזען אונזער זעלבסטמאָרד־קאַנדידאט, ער האָט אַרויסגענומען די פֿרוי פֿין פֿענסטער, איבערגעגעבען זי צו די פֿייערלייט, וועלכע זענען נאָכגעקראָכען נאָך איהם, און אַליין איז ער אַריין דורך דאָס פֿענסטער אין דאָס הויז. דער אַרומשטעהענדיגער עולם איז געשטאַנען אין שרעק, וואַרטענדיג יעדע מינוט, אַז דאָס הויז וועט איינפֿאַלען. דאָס פֿייער האָט אָנגעהויבען צו זעצען פֿון די איבערשטע פֿענסטער, און באַלד איז מען געוועזען זיכער, אַז ער איז אומגעקומען אין די פֿלאַמען. אָבער ער איז נישט אומגעקומען. ער איז ערשיענען אויפֿ'ן דאַך מיט אַ קליינעם קינד אויף די הענד. די לייטער האָט אַזוי הויך נישט דערלאַנגט, און די פֿייערלייט האָבען איהם צוגעוואָרפֿען אַ שטריק; ער האָט אַרומגעבונדען דאָס קינד און אַראָבגעלאָזט עס צו די פֿייערלייט, פֿאַר איהם אַליין אָבער איז קיין רעטונג נישט געוועזען. ער האָט צונויפֿגעלעגט די הענד אויפֿ'ן האַרצען, און פֿון זיינע אויגען האָבען זיך געקייקעלט טרעהרען, ער, דער זעלבסטמאָרד־קאַנדידאַט, האָט נישט געוואָלט שטאַרבען. ער האט געוואָלט לעבען, ווייל אין דעם מאָמענט האָט ער געפֿונען אַ ציעל: לעבען און גוטס טהון.

פֿאַניע. (בייז). גוטס טהון! איך בין שוין מיעד פֿון טהון!

הינדעס. זינדיגט נישט געגען אייך אַליין, פֿאַניע!

פֿאַניע. גוטס טהון! איך האב געטהון גוטס, איך האָב געלעבט נישט פֿאַר מיר, און אָט זעהט איהר דאָך, אַז איך האָב מיין לעבען נישט אויסגעפֿילט, איך פֿיהל מיך איצט עלענד, ווי די עלענדסטע, ווי די שלעכטעסטע, און איך בענק נאָך דעם טויט, ווי די אומגליקליכסטע.

הינדעס. (בעטראַכט זי פֿון אונטער די ברילען). ווייס אָלגאַ פֿון אייערע געפֿיהלען צו בערמאַנען?

פֿאַניע. (בייז). איך ווייס נישט, וואָס זי ווייס.

הינדעס. קאָנט איהר מיר נית געבען קיין אַנשטענדיגערן ענטפֿער?

פֿאַניע. וואָס ווייס איך, וואָס? איך פֿלעג איהר שרייבען גאַנץ בעגייסטערטע בריעף איבער איהם.

הינדעס. האַט אַלגאַ געקאָנט דרינגען פֿון זיי, אַז איהר זייט צו איהם נישט גלייכגילטיג?

פ̄אַניע: וואָס פ̄רעגט איהר עפּיס ווי אַ סלעדראָוואַטעל?

הינדעס. ווייל איך טראַכט, אַז אויב איהר זאָלט טהון דאָס, וואָס אַייך ווילט זיך איצט אַזוי און וואָס איך וויל פ̄ון מיין מויל ניט אַרויס ריידען, וועט אָלגאַ גאַר ניט אָננעהמען בערמאַנס ליעבע, נאָר זי וועט זיך אַליין נעהמען דאַס לעבען קוקענדיג אויף זיך, ווי אויף די אורזאַכע פ̄ון אַייער טויט.

פ̄אַניע: וואָס האָט איהר דאָ צוזאַמענגערעדט?

הינדעס. וואָס איהר האָט געהערט.

פ̄אַניע: מיינט איהר?..

הינדעס. איהר קאָנט אַייער שוועסטער און דאַרפ̄ט וויסען, וואָס זי וועט טהון.

פ̄אַניע. (ברעכט ווידער אויס אין אַ געוויין). פ̄ריהער האָט זי ביי מיר צוגענומען דאָס לעבען, איצט לאָזט זי מיך ניט שטאַרבען! (לעגט אַוועק דעם קאָפּ אויפ̄'ן טיש).

הינדעס: דאָ איז שוין אַ טאָן פ̄ון דער אַלטער פ̄אַניע.

פ̄אַניע. (וויינט ביטערליך).

הינדעס. וויינען וועל איך אַייך לאָזען, וויינט אַ סך, אַזוי לאַנג ווי איהר האָט נאָך טרעהרען, אָבער דאַן זאָלט איהר אַייך גוט אויסטריקענען די אויגען און מעהר קיינמאָל ניט וויינען, אויסטריקענען אויף אייביג די גאַנצע קוואַל פ̄ון טרעהרען, פ̄ערשטעהט איהר מיך, איך האָב דאָס געטהון. אַזעלכע מענשען, ווי איהר און איך, אויסגעשלאָסענע פ̄ון פערזענליכען גליק, דאַרפ̄ען אָדער נישט אויפ̄הערען צו וויינען, אָדער קיינמאָל נישט וויינען. איך האָב אויסגעקליבען דאָס לעצטע. פ̄ערהאַרטעוועט אַייך, פ̄אַניע, און דאַן לעגט צונויף די הענד אויף דער ברוסט און קוקט רוהיג אין לעבען אַריין און פ̄ילט עס אויס, ווי אייער האַרץ הייסט אַייך.

פ̄אַניע. (וויינט נאָך אַלץ).

הינדעס. (בעמערקט דערווייל בערמאַנס בריעף אויפ̄'ן טיש, נעהמט איהם אויף און גיט איהם צוריק אַ שמייך). אַזאַ אומגעלומפערטער, אַזאַ אידיאָטישער זאַץ! און דאָס איז נאָך אַ דיכטער!

פ̄אַניע. (הויבט אויף דעם קאָפּ) אויף אַזאַ אופ̄ן וועט זיך דאָך אָלגאַ סיי ווי סיי אָבזאָגען פ̄ון בערמאַנען. זי וועט מיינען אַז זי נעהמט איהם אָב פ̄ון מיר, און דאָס וועט זי נישט וועלען.

הינדעס. מעגליך. (פלוצלינג האַרט) וואָס וועט אָבער אַייך אַרויסקומען דערפ̄ון?

פֿאַניע. (געבראָכען). ווער טראַכט וועגען זיך? איך מיין זי, איך וויל, זי זאָל איהם האָבען.

הינדעס. ווידער די אַלטע פֿאַניע!

פֿאַניע. אַך, הערט אויף מיט דעם! גיט בעסער אַנ'עצה.

הינדעס. אַנ'עצה? זייט איהר שרכנ'טע.

פֿאַניע. און ווען זי וועט ווערען מאַכען פֿערקעהרט און זיין מיין שרבנ'טע?

הינדעס. דאַרף מען טראַכטען. פּויזע.

פֿאַניע. (געבראָכען) הינדעס!

הינדעס. וואָס?

פֿאַניע. איך האָב אַנ'עצה.

הינדעס. איז גוט.

פֿאַניע. איך דאַרף אייער הילף.

הינדעס. אויב איך קאָן, וועל איך העלפֿען.

פֿאַניע. זאָגט איהר צו?

הינדעס. בלינדערהייט?

פֿאַניע. בלינדערהייט.

הינדעס. (בעטראַכט זי) פֿאַר וואָס מוז איך אייך עס צו־זאָגען בלינדערהייט? אויב איך קאָן, וועל איך העלפֿען.

פֿאַניע, (געבראָכען און פֿערלעגען). נעהמט מיך... האָט מיט מיר חתונה.

הינדעס, (קוקט זי אַ ווײַלע אָן, דאַן הויבט ער אויף זיין קיליע מיט זיינע ביכער און פעקלעך).

פֿאַניע. (מיט געבעט) הינדעס! ווען איך וועל חתונה האָבען, וועט אָלגאַ קיין שום מניעה נישט האָבען.

הינדעס, פֿריילין סעגאַל, איך האָב אייך געליעבט און ליעב אייך, אָבער איך וויל נישט זיין דער מזבח. אויף וועלכען איהר זאָלט אייך מקריב זיין.

פֿאַניע. איהר האָט מיך ערשט אָבגערעדט פֿון טויט, ווילט איהר מיך איצט ווידער טרייבען צו איהם?

הינדעס. אייער שוועסטער וועט קאָנען זיין גליקליך אָהן בערמאַנען.

פֿאַניע. אָבער ווען זי ליעבט איהם?

הינדעס. וועט זי ליידען, ווי מיר אַלע ליידען.

פֿאַניע. ניין, אָלגאַ זאָל נישט ליידען! איהר הערט, איך וויל עס נישט!

הינדעס. דאָס איז שען פֿון אײך.

פֿאַניע. (דורך טרעהרען) הינדעס איך דערקען אײך נישט מעהר.

הינדעס. (קעהרט זיך אוים צו דער טהיר). אַ גוטע נאַכט.

פֿאַניע. (ברעכט אוים אין אַ געוויין).

הינדעס. (הינקט צו דער טהיר, בלייבט אָבער שטעהן, קוקט צו דער פאָדלאָגע, דאַן הויבט ער אויף זיין בליק אויף פֿאַניען). פֿרייליין סעגאַל, פֿאַר וואָס האָב איך די גאַנצע צייט, וואָס איך ליעב אײך, נישט ערקלערט זיך אײך אין ליעבע און נישט פֿאָרגעשלאָגען אײך חתונה צו האָבען מיט מיר?

פֿאַניע. (וויינט).

הינדעס. איך וויל עס מיר ערקלערען. האָב איך עס דען נישט געטהון, ווייל איך האָב געוואוסט, אַז איהר ליעבט מיך נישט און איך האָב געוואָלט אייער ליעבע, נישט בלויז אייער אַכטונג?

פֿאַניע, (פֿעסט). ניין, איהר האָט עס נישט געטהון, ווייל איהר האָט געוואוסט, אַז איך וועל אײך אָבזאָגען.

הינדעס, און ווען איך וואָלט מיך גערעכט אויף יאָ?

פֿאַניע. וואָלט איהר עס געטהון.

הינדעס, און חתונה געהאַט מיט אײך אָהן אייער ליעבע?

פֿאַניע. יאָ.

הינדעס. אָבער דאַן האָב איך נישט געוואוסט, אַז איהר ליעבט אַנ׳אַנדערן.

פֿאַניע. (געבראָכען) דער אַנדערער עקזיסטירט שוין מעהר פֿאַר מיר נישט.

הינדעס. לאָזט ווידער אַראָב זיין בליק צו דער פאָדלאָגע. (פויזע).

פֿאַניע. הינדעס!

הינדעס. יאַ!

פֿאַניע. קומט צו נעהנטער.

הינדעס. איך הינק.

פֿאַניע. לעגט דאָס אַלץ אַוועק.

הינדעס. (פֿערציהט אַ ווײלע, דאַן לעגט ער אַוועק די ביכער, מיט די זעקלעך).

פֿאַניע. (ווי פֿאַרלעגען) אַלץ ... אַלץ ...

הינדעס. (האַרט). שעמט אײך נישט, זאָגט איינפֿאַך! לעגט אַוועק די קוליע אויך. (ער לעגט אַוועק די קוליע).

**פאַניע.** (שטעהט אויף און נעהמט אָן זיין האַנד) הינדעס. **די ווייסט** מיין מיינונג יועגען דיר, די ווייסט, ווי הויך איך שעץ דיך, ווי גליקליך איך האָב מיך שטענדיג געפיהלט צו האבען אין דיר אַ גוטען, טייערען פריינד... (לעגט אויף איהם ארויף דעם קאָפּ, מיט לאַסקע) נעהם מיך אַרום און גיב מיר אַ קוש, אַ וואַרימען, הייסען קוש, לעג אין איהם אַריין דיין גאַנצע ליעבע, דריק אין איהם אויס דיין גאַנצע טרייע נשמה. (געבראָכען וויינענדיג) איך זאָג דיר צו, עס וועט גוט זיין — אונזער לעבען. מיר, פון גליק פערגעסענע, וועלען נאָך גליקליך זיין — אויף אונזער אויפּן — ווי מיר קאָנען. (מוטהיגער) וועסט זעהן, וואָס עס וועט באַלד זיין. ליזע וועט קומען, וועט זי אונז שפּיעלען אַ יובעלמאַרש אַ פריידענס מאַרש... (געבראָכען). זי איז מיר איהם שולדיג!... (ווידער מוטהיגער). און איך וועל טאַנצען. דו קאָנסט נישט טאַנצען, יועל איך טאַנצען פאַר צווייען. וועסט זעהן. און זינגען וועל איך, און איבערקעהרען וועל איך אַ וועלט, הינדעס, קוש מיך, שטאַרק, שטאַרק...

**הינדעס.** (ליידענשאַפטליך, דורך טרעהרען). **דו... דו...** (וועדט פערגליווערט אין אַ לאַנגען קוש). —

**דער פאָרהאַנג פאַלט לאַנגזאַם.**

## ענדע



# דראַבקין.

## (ערצעהלונג).

### I.

דראַבקין איז געוועזען זעהר אַ גוטער אַרבייטער — אַ ביי־טעל־נאָהער, אַשם־דבר אין דער גאַנצער שטאָדט. מען האָט איהם געלויבט אין די אויגען אונ אונטער די אויגען, ער האָט געוואוסט, וואָס ער איז ווערטה אונ געהאַלטען הויך דעם קאָפּ, איהם האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז בעשאַפען געוואָרען צו זאָגען דעם אמת די בעלי־בתים אונ נור עפּיס פלעגט ער זיי פאָרוואַרפען, אַז זיי לעבען פון זיין שוויים אונ בלוט, אַז זיי זענען עקספּלאָאַטאַטאָר'ס, בלוט־זייגער, מענשען־פרעסער אונ אַזוי ווייטער אונ אַזוי ווייטער. דער פאַר האָט ער זיך אויף קיין אָרט קיין סך נישט געהאַלטען אונ אין אַ יאָהר איז ער אַרום געגאַנגען מעהר טאָג לעדיג, אַלס געאַרבייט.

די בעלי־בתים האָבען איהם בעדויערט, זיי פלעגען רעדען:

— אַ שד מיט נאָגעל איז דאָס! קיין גוטטער יוד זאָל איהם נישט קאָנען, אָבער גאָלדענע האָנד האָט ער!

— ווען נישט זיין משוגעת וואָלט ער דאָך אין גאָלד גע־גאַנגען. אַ שפּאַס אַזא אַרבייטער, שדים אַרבייטען דאָך מיט זיינע האָנד!

דאָך האָבען זיי איהם נישט געקאָנט ליידען, אַפילו ווי מורא געהאַט פאַר איהם, אַלע האָבען איהם שוין געקאָנט, ווי אַ בייזען שילינג אונ פון דעסטוועגען פלעגט מען איהם נעמען צו דער אַרבייט, ווייל מען האָט אַלץ געקלערט, טאָמער איז ער בעסער, שטילער, רוהיגער געוואָרען, אויך איז אַ שאָד, אַז האָנד, וואָס אַרבייטען אוים אין צוועלף שעה ווי פיעל איין אַנדערער אין אַ מעת־לעת, זאָל אַרום געהן לעדיג, נור אין

אַ פּאָר טאָג אַרום פּלעגט מען זיך מוזען מיט אַ קראָכץ מודה זיין, אַז ער איז דער זעלבער עזות פּנים, ווי געוועזען, אַז עס איז געפֿאָהרליך צו האַלטען איהם אין אַ יודישער שטוב, ווייל ער קאָן נאָך קאַליע מאַכען די איבריגע אַרבייטער. מען פּלעגט איהם ווייזען די טיהר.

ער פּלעגט דער פֿון גאָר ניט נתפּעל ווערען, ביי איהם איז דאָס שוין געוועזען אַ שפּיעלכעל, ער איז געוועזען זיכער, אַז סוף כּל סוף וועלען די בעלי־בתּים צו איהם אָנקומען, ווייל זיי דאַרפֿען אונ מוזען איהם האָבען, ווייל „מיט זיינע האָנד אַרבייטען שדים". ער פּלעגט נור איראָניש שמייכלען אונ דורך־שטעכען די בעלי־בתּים מיט אַ קוק, פֿאַר וועלכען זיי האָבען פּשוט געציטערט.

— וואָס, עס געפֿעלט אייך ניט מיין ליעדעל? פּלעגט ער זאָגען, — פֿאַר'ן אמת שלאָגט מען, האַ? עקספּלאָאַטאַטאָרעס, בלוט־זייגער!...

— דיך דאַרף מען פֿערזעצען אָדער אין אַסטראָג, אָדער אין דולל־הויז, — פּלעגט ער בעקומען איין ענטווער, — דו ביזט פּשוט אַ געפֿאָהרליכער מענש! ביזט אַ משוגענער הונד!...

— אַ, אוהום־טאָ־טאָ! פּלעגט ער צוּבְרוּממען מיט פֿער־געניגען. אָבער ווי געפֿעלט אייך מיין אַרבייט? איך אַרבייט געשווינד, האַ?

ד אָ ס האָט געשטאָכען די בעל־בּתּים!

— אָבּראַרען זאָלען דיר דיינע האָנד! איז געוועזען זייער אָנטפֿער, — וואָלסט דו אַזא מענש געוועזען, סאַר' איין אַרבייטער דו ביזט, וואָלסט דו דאָך אין גאָלד געגאַנגען...

— ביי אייך אין גאָלד געהן!! פּלעגט ער זיך פּלוצים אָנכאַפּען פֿאַר דאָס אייגענע. פֿון פֿיערצעהנשעה'דיגער אַרבייט מיט דעם געהאַלט, וואָס איהר גיעט, וועל איך דאָך באַלד בעוואַקסען ווערען מיט גראָז! עקספּלאָאַטאַטאָרעס, בלוט־זייגער, מענשענ־פֿרעסער!...

— ער איז שוין ווייטער דאָ! רייסט מען איהם איבער. — מאַרש, שלעפּ דיך! געה שריי עס אויפֿ'ן גאַס!

— אַ, או הום־טאַ־טאַ! ברומט ער שוין ווייטער — איך געפאָלט ניט! וואַרט, וואַרט!...

ביי די לעצטע ווערטער פלעגט ער נאָך אַ מאַך טהון דרע־הענדיג מיט'ן פינגער. אויף וואָס האָבען זיי צו וואַרטען האָט ער אַליין נישט געוואוסט, נור ער האָט געפיהלט, אַז עפּיס וועט אומגעצן געשעהן, וואָס וועט פערגעהן די בעלי־בתים שאַרף אין נאָז.

מיט נצחון פלעגט ער אַוועק געהן פון די בעלי־בתים, פון זיינע אויגען האָט אַרוים געשיינט אַ פרייד, גלייך ער וואָלט יעצט אַ גוטע זאַך אויסגעפיהרט, אונ מיט זיין קוק פלעגט ער דורכשטעכען אַלע הויכע בייזיגע יודען, וועלכע ער פלעגט בעגעגנען אין גאַס אונ גערעכענט פאַר בעלי־בתים, אונ אין קאָפּ האָבען זיך איהם אַרומגעדרעהט נאָך שאַרפזיניגערע דיבורים, וועלכע ער האָט געדאַרפט פיהרען אונ וועלכע ער וועט שוין איין אַנדערש מאָל זיכער פיהרען מיט די „עקספּלאָאַטאַטאָרעס", מיט די „בלוט־זייגערס", „מענשענפרעסער". אונ ער האָט זיך געזעהן אַרומגערינגעלט פון אַרבייטער, וועלכע העבען צו איהם זייערע אויגען, ווי צו זייער בעשיצער אונ בעהיטער, ער האָט זיך געפיהלט שטאַרק אונ ברייט אין דער דעה אונ איז געוועזען זעהר צו פריעדען...

— אוים כלה ווייטער אַ מויד! האָט ער געזאָגט מיט אַ געלאָכטער צו דער בעל־הבית'טע פון זיין דירה, צו דער אַלטינקער דינה, אַריינגעהענדיג אין שטוב.

יענע האָט איהם אָנגעקוקט פערוואונדערט — „פון וועלכער תליה האָט ער זיך דאָס אָבגעריסען אין מיטען העללען טאָג".

— ווייטער אַרוים געטריעבען? האָט די אַלטינקע אוים־געשריען, קוקענדיג אויף איהם מיט פעראַכטונג. — נישט גע־דאַכט זאָלט איהר ווערען, סאַר' אַ מענש איהר זייט!

זי האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, ווי זי וואָלט זיך שוין פון איהם מיאש געווען, ער איז, אַ „לא יוצלח" געווען אונ אַ לא יוצלח וועט ער שוין בלייבען, געקוקט אָן אַ זייט אונ פערקרימט דאָס מויל. די קנייטשען אויף איהר געלען פערמאַטערטען

פנים זענען נאָך טיעפער געוואָרען.

— איך האָב זיי אַוועקגעגעבען אַ גאָב! האָט ער געלאַכט אונ זיינע אויגען האָבען געפינקעלט.

— גליקליך, ווי די ראַבע קאַטץ! האָט איהם די אַלטע מיט שפּאָס געענטפערט, — זיי זענען טאַקי שטאַרק נתפעל געוואָרען, זעהט אַקאָרשט!

— אַזאָלכע עקספּלאָאַטאַטאָרעס, בלוט-זייגער, מענשענ-פּרעסער, די וועלט איז זיי גאָר קנאַפּ! האָט ער זיך גערעדט זיינס. — קוקען זיי אין די צאָהן, וואָס! זיי וועלען זיך בענוצען מיט אונזער שוויים אונ בלוט אונ מען זאָל זיי נאָך שווייגען?! פע, אַ האָר אויך נישט! איך האָב פיינד צו שווייגען! אַ זעלכע עקספּלאָאַטאַטאָרעס, בלוטזייגער, „מענשענפּרעסער". איך האָב פיינד צו שווייגען!...

—פיש, אַ גרויסער קאָזעק — מאַכט חוזק די אַלטע — אָבער וואָס האָט איהר אויסגעפיהרט? האָט מען אַייך ארויס-געטריבען! פּלאָאַטאַטאָרם — פּאַטאַרעס!...

זי איז געוועזען בייז אויף דאָס שווערע אונפערשטאָנדליכע וואָרט, עס האָט זיך איהר געדאַכט, אַז ווען נישט דאָס וואָרט, וואָלט דראַבקין צו קיין צרה נישט געקומען.

זי האָט שוין געוואָלט אויס שפּייען אונ אַוועק געהן פון איהם. נור דראַבקין האָט זיך אָן געחאַפּט אָן איהרע ווערטער.

— אַרויס געטריעבען? אָ, — אָ, חאַפּט זשע נישט! מען טרייבט מיך נישט אַזוי גיך!

— אַ גרויל! האָט זי זיך געקרימט, — איך וואָלט אייך אויפ'ן שוועל נישט אַרויפּגעלאָזען!

— זעהט איהר דאָך, אונ זיי לאָזען מיך! האָט ער זיך געגרויסט.

— פראַים! האָט זי מיט עקעל אַרויסגערעדט.

— אַ האַ! האָט ער געענטפערט מיט נצחון.

נאָך דעם „אהאַ" האָט שוין די אַלטיטשקע טאַקי מעהר נישט גערעדט, זי האָט מיט פעראַכטונג אויסגעשפּיגען, פעריכט דאָס טיכעל אויפ'ן קאָפּ אונ אַוועק געגאַנגען פון איהם.

— פלאַטאַאַרעס, פאַטאַרעס... האָט זי געחזרט פאַר זיך דאָס שרעקליכע וואָרט, ברוגז'דיג...

---

## II.

אַנדרעש האָט אויף איהם געקוקט חאַשקע, דער אַלטינקערס טאָכטער.

אַז זי איז געקומען ביי דער נאַכט פון איהר אַרבייט — זי איז געוועזען אַ מאָדיסטין — האָט די מוטטער בעגעגענט זי מיט די וואָרטער:

— ער זיצט שוין ווייטער אויף דער פליישיגער באַנק.

דערביי האָט זי אַ מאַך געטהון מיט'ן קאָפ אויף דראַבקינ'ס צימער.

— נו, איז וואָס? האָט די טאָכטער געפרעגט, אַראָבנעמענדיג פון זיך דעם אויבערשטען מאַנטעל.

די אַלטע איז געבליעבען אָבהאַנדיג פון דער טאָכטערס ענטפער און נישט געוואוסט, צי דאַרף זי דערויף אַנטווערען, צי נִיט. זי האָט זיך געוואונדערט, וואָס די טאָכטער ווערד גאָר נישט נתפעל.

אין דער מינוט איז דראַבקין אַרויס פון זיין צימער.

— ווייטער אַ היימיגער! האָט ער לוסטיג געשמייכעלט.

— וואָס איז ביי אייך היינט פאָרגעקומען? האָט איהם חאַשקע געפרעגט.

— וואָס איז פאָרגעקומען? וואָס זאָל פאָרקומען? עס איז פאָרגעקומען? זיי זענען בלוטזייגערס, עקספלאָאטאַטאָרעס און מעהר גאָר נישט! האָט ער זיך געהיצט.

— פלאַטאַטאָרעס!... האָט די אַלטע מיט חוזק איבערגעריסען.

— פאַר וואָס פאָרט זענט איהר היינט אַרויסגעשפּרונגען? האָט חאַשקע געפרעגט, דורכלאָזענדיג דער מאַמעס איראָניע.

— פאַר וואָס? פאַר דאָס! האָט ער געשריען, פאַר וואָס!

איך קען ניט צוזעהן, וואָס עס טהוט זיך. דאָס איז אונמענשלעך, דאָס איז מאָרדעריש, אֶפרים דאַרף ארבייטען אין אָבענד ביז נייען אַ זייגער אונ ער אַרבייט ביז האַלב עלף; אַז ער איז היינט אין דער פריה געקומען האַלב אַכט, נישט זיעבען, איז מען אויף איהם אָנגעפאַלען, ווי אויף אַ משוגענעם הונד...

— איז דאָס נישט זיין באָבעס דאַגה? האָט איהם די אַלטינקע איבערגעריסען.

— איך קען דאָס נישט ליידען, איך קען נישט שווייגען! האָב איך זיי פערגעבען!...

— פיש... זייער העמד איז גאָר געוואָרען לייוואַנד!

נור חאַשקע וואַרפט אַ בייזען בליק אויף דער מוטטער.

— זאָל מען זיי דען שווייגען? פרעגט זי מיט פעראַכטונג.

— זאָל אֶפרים שרייען! וואָס דאַרף ער שרייען? האָט די אַלטינקע געענטפערט.

— אונ אַז אֶפרים איז אַ לעמעלע? אונ אַז אֶפרים לאָזט זיך קריכען אויפ'ן קאָפּ? איז דראַבקין אויפגעשפרונגען אונ דאָס נעזיכט האָט זיך אויף איהם אָנגעצונדען.

חאַשקה האָט איראָניש אונ מיט נצחון געקוקט אויף דער מוטער.

— טאָ זאָל ער ליעגען אין דער ערד, זאָל ער פוילען, אַז ער איז אַזאַ נאַר! האָט די אַלטע געזאָגט.

— איך קען נישט שווייגען! איך קען עס נישט צוזעהן! האָט דראַבקין גערעדט מיט אַ טאָן נידריגער.

— טאָ ליעגט איהר אין דער ערד, פוילט איהר, אַז איהר זייט אַזאַ נאַר!

שעלטען זיך דאַרף מען אָבער נישט, האָט די טאָכטער ברוגז'דיג איבערגעריסען.

— טפוי, דו ביזט דאָך נישט בעסער פאַר איהם.

— דיר געפאָלט נישט?

נור דראַבקין דער לאָזט נישט, עס זאָל דערגעהן צו אַ קריעג.

— איך קען נישט שווייגען...

ער האָט זיך צערעדט, צעשריען, ערשטענס איז אֶפרים

טאַקי גלאַט אַ לעמעלע, מען מעג מיט איהם טהון, וואָס מען וויל אונ ער וועט שווייגען. אונ צייטענווייז איז ער טאַקי נישט קיין שטאַרקער אַרבייטער אונ אַז מען זאָל איהם אָבזאָגען פֿון איין אָרט, וועט ער אַ צווייטען ניט אַזוי גיך קריגען, האָט ער פּשוט טאַקי מורא אָבצוזענטווערען, אָבער ער! ער קען עס נישט צוזעהן. ער האָט דאָך פֿאַר זיי ווייניג וואָס מורא צו האָבען, ער לאַכט פֿון זיי!... אַזעלכע עקספּלאָאַטאַטאָרעס, בלוטזייגערס! ווייניג איז זיי, אַלץ ווייניג...

אונ האַשקע האָט אויף איהם געקוקט מיט אויגען פֿולל מיט ליעבע, געגעבען איהם גערעכט אונ איבערגעלעבט אונ איבערגעפֿיהלט דאָס זעלבע, וואָס ער.

די אַלטינקע דינה האָט געשאָקעלט איראָניש מיט'ן קאָפּ.

— צוויי מיטוגעים! איינער ניט בעסער פֿאַר'ן אַנדער'ן!..

---

III.

אויף דראַבקינען מיט חאַשקען האָט מען געקוקט, ווי אויף חתן כלה — „אַ ליעבע", האָט מען געלאַכט. עס האָט געקלונגען, אָבער קיין האָגע איז נישט געוועזען.

דראַבקין איז געווען אַ שאָנער יונג. פֿון מיטעל'ן וואוקס, מיט ברייטע פּלייצעס; אַ ווייס-קיילעכדיג געזיכט, וואָס איז געווען געפּאַסט אין אַ בלאָנדער באָרד'על; אַ מיטעל-מאָסיג מויל, מיט דינע בלוט-רויטע ליפּען, אויף וועלכע עס זענען געלעגען געדיכטע וואָנסען, אַ „געשניצטע נאָז", אַ הויכער, ברייטער שטער'ן אונ אַ קיילעכדיגער קאָפּ מיט טינקעל בלאָנדע האָאר, די טונקעל-גראָהע אויגען האָבען איהם שטענדיג געפֿינקעלט. מיידליך פֿלעגען זיך פֿערקוקען אויף איהם, געוואונשען זיך האָבען איהם פֿאַר אַ חתן, נור ער האָט אויף מיידליך נישט געקוקט, ער האָט זיך מיט זיי נישט געאָקנט אונ נישט געפֿיהרט, ער איז שטענדיג פֿערנומען געווען מיט זיינע

„עקספלאטאַטאָ־עס", ער האָט אפילו נישט בעמערקט מיט וואָס פאַר אויגען חאַשקע קוקט אויף איהם. מיט חאַשקען האָט ער ליעב געהאַט צו רעדען, ווייל זי האָט איהם מיטגעפיהלט, זי האָט איהם פערשטאַנען, געדעכט געגעבען. מיט איהר וואָלט איהם נישט נמאס געוואָרען רעדען און רעדען, אָהן איין אויפהער. ער האָט נור נישט געטראַכט חתונה האָבען. —

חאַשקע איז אויך געוועזען אַ גאַנץ שיין מיידעל.

-- אַז מיין חאַשקע, האָט גערעדט די אַלטע, זאָל זיך אָנטהון אין לייטישע קליידער, וואָלט מען זיך אין איהר פנים נישט געקענט איינקוקען, ווי אין דער זונן. זי האָט אַ ביסעל איבער־געטריעבען, ווי אַ מוטטער, אָבער גאָר אַ ליעגען האָט זי אויך נישט געזאָגט. חאַשקע איז געווען אַ ביסעל נידעריגער פאַר דראַבקינ׳ען; מאָגער מיט איינגעצויגענע באַקען און אַ פלאַכער ברוסט. נור זי האָט געהאַט זעהר איין עדעלע גלייכע טאַליע, אַ קליין שאָן מויל מיט פיינע ליפען, אַ גלייכע נאָז, קליינע אויהרען און אַ שאָנע שטערן, נור גאָר שיין זעננען געוועזען די לאַנגע שוואַרצע האָאר מיט די בלאָהע אויגען.

ווען זי וואָלט געהאַט נדן, וואָלט מען זי שוין לאַנג אויס־געחאַפט, נור זי האָט אפילו קיין רעכט קליידעל נישט געהאַט, האָבען זיך בחורים אַרום איהר „גלאַט אַזוי" אַרומגעדרעהט, געזאָגט קאָמפּלימענטען, אויף וועלכע זי פלעגט אפילו מיט אַ שמייכעל נישט ענטפער׳ן, געטשעפּעט זי מיט די האַנד, וועלכע זיי פלעגען מיט בזיונות צו חאַפּען צוריק. זי האָט געקריגען אַ נאָמען פון אַ„נישט ריהר מיך אָן" און מען האָט גערעכענט, אַז שולדיג אין דעם איז איהר „ליובקע" צו דראַבקינען. —

און זי האָט איהם טאַקי געליעבט, דאָך האָט זי געפיהלט, אַז דראַבקין וועט נישט חתונה האָבען. „ער האַלט גאָר ניט דער פון". ער האָט זי קיינמאָל מיט קיין וואָרט נישט בעלעדיגט, ווער רעדט שוין מיט אַ האַנד, ער האָט מיט איהר שטענדיג נור וועגען „זיינע זאַכען" גערעדט, וועגען יושר און נישט יושר, געזוכט דעם אמת ביי לייטען און נישט געפונען איהם. ער פלעגט שפּריצען מיט פייער, קלאַפּען איבער׳ן טיש, לויפען

איבער'ן צימער. „ניין, ער וועט נישט, ער דאַרף נישט און טאָר נישט חתונה האבען!" טראַכט האַשקע.

„און ווען יאָ?... אָח, ווי זיי וואָלטען געלעבט! זי וואָלט געאַרבייט, אַ סך געאַרבייט, פֿאַר צווייען געאַרבייט... און ער פֿערדיענט דאָך אויך. נור זי וואָלט איהם אין גאָר נישט געשטאָרט, אין גאָר נישט! זאָל ער בלייבען, ווי ער איז, דאָך אַ טייערער נפֿש!... אָח, רבונו של עולם, ווי זיי וואָלטען געלעבט!...

„אָבער ניין דאָך! באַלד וועלען קומען קינדער... זי וועט נישט אַרבייטען... די מאַמע"...

„גאָט גאָט, פֿאַר וואָס שטראָפֿסט דו אַזוי דעם אָרומאַן!" ניין ער טאָר נישט, ער טאָר נישט חתונה האָבען... אָבער... ווי זיי וואָלטען געלעבט, ווי זיי וואָלטען געלעבט"!...

און זי האָט בעהאַלטען פֿון איהם איהרע געפֿיהלען. איהר איז דאָס אָנגעקומען שווער. אָ, וואָלט זי איהם אַרומחאַפּען, און דריקען איהם צו זיך שטאַרק, שטאַרק, אַריינדריקען אין איהר נשמה, ווערען מיט איהם איין גוף... אָטהעם פֿלעגט איהר פֿערפֿעהלען, אין די אויגען פֿערדרעהען און אין די שלייפֿען קלאַפּען, ווי מיט האַמערס. זי איז קוים אַיינגעזעסען נעבען איהם, ער זאָל נור נישט דערקאָנען, וואָס אין איהר קומט פֿאָר, און אַז ער וועט יאָ דער קאָנען?...

און אַז ער וועט יאָ דערקאָנען און וועט זי אַרומנעמען, און האַלזען, און קוססען, און גלעטען, און דריקען!...

אַ מין זאָנדערבאַר זיס געפֿיהל געהט איהר איבער'ן לייב, אַז עס שווידערט איהר.

ער שטעהט דאָך אַזוי נאָהענט נעבען איהר. זי פֿיהלט דאָך כמעט זיין אָטהעם. און זי האָט געקוקט אויף יעדע בעוועגונג זיינע, געלייענט אין זיינע אויגען, טאָמער...

נור זי האָט זיך אַליין פֿערשאָמט פֿאַר איהרע געדאַנקען. וואָס איהר קען זיך וועלען? וועגען וואָס זי קאָן גאָר טראַכטען, ווען ער רעדט וועגען אַזעלכע וויכטיגע זאַכען?

דאָס פאַסט עפּיס... פֿע!...

---

# IV.

דראַבקין אָבער האָט חתונה געהאַט, אָבער נישט אויף חאַשקען, נור אויף חייענקען, אַ מיידיל מיט פינף הונדערט רובעל נדן. — —

דאָס האָט זיך מיט איהם געטראָפען נאָך אַ שרעקליכען כעס אויף אַלע בעלי־בתים פון דער גאַנצער וועלט. עס איז ביי איהם אַריין אין אַ נצחון: ער מוז ווערען אַליין אַ בעל הבית.

— אוים געקוקט זאָלען זיי ווערען מן השרש, די עקספלאָאַטאַטאָרעס! האָט ער געשריען, אומלויפענדיג איבער'ן שטוב, — קיין געדאָבניש זאָל פון זיי נישט בלייבען, פון די בלוט־זייגער! זאָל מען זיי געדיכט זעען און שיטער זאָלען זיי אויפוואַקסען, די מענשענ־פרעסער! גענוג, אוים! איך ווער אַליין אַ בעל־הבית!...

ער איז ענטשוויגען געוואָרען און איז אַלץ אומגעלאָפען איבער'ן שטוב: ער האָט עפּים אָבגעקלערט.

— אַ בעל־הבית וועט ער ווערען! האָט זיך די אַלטע אַריינגעמישט מיט איהר איראָניע, — א בעל־הבאָנדזיע!

זי האָט זיך שטעכעדיג צולאַכט, האַשקע האָט אויף איהר אונרוהיג אַ קוק געטהון.

— פאַר זיך, נור פאַר זיך! האָט ער געזאָגט פערטראַכטער הייד.

— ער וועט פערזעצען די הויזען! האָט די אַלטע געלאַכט.

און חאַשקע האָט איבערגעטראָגען איהר אונרוהיגען בליק אויף דראַבקינען: זי האָט טאַקי באַלד אַ קלעהר געטהון פון אָנהייב: מיט וואָס וועט ער מאַכען פיר זיך.

— נישקשה! איך וועל קריגען געלד! האָט ער פערזיכערט. — איך קען קריגען שותפים צעהן פיר איינעם, מען קען מיך, וואָס פאַר אַ בעל־מלאָכה איך בין.

— הלואַי! האָט די אַלטע געענטפערט מיט ספקות, זי

האָט איהם וועניג געגלויבט, נור ביי חאַשקען איז אַראָב אַ משא פון האַרצען, זי האָט געגלויבט, אַז עס וועט איהם געראָטהען געפינען אַ שותף. — —

נור ער האָט געפונען דאָס, וואָס ער האָט ניט געזוכט, ער האָט געפונען אַ כלה מיט נדן.

דאָס איז געוועזען, ווען ער האָט זיך מיאש געוועזען צו געפינען אַ שותף, ער האָט אויסגעגאָסען זיין ביטער האַרץ פאַר איין אַלטען בעקאַנטען.

— שאַ, איך האָב פאַר דיר אַ שותף, האָט אויסגעשריען דער אַלטער בעקאַנטער אונ אַ שותף אויף דיין גאַנץ לעבען.

דראַבקין האָט איהם אָנגעקוקט קשה'דיג.

— ווילסט אַ שדוך טהון מיט פינף הונדערט רובעל נדן?

דראַבקינען האָט זיך עפּיס אין האַרצען אָבגעריסען, אַ שדוך טהון! פינף הונדערט רובעל! פאַר די אויגען האָט זיך איהם פלוצלינג בעוויזען חאַשקעס פיגור.

— ד אָ ר ט ע ן וויל מען דיך זעהר, האָט דער פריינד ווייטער גערעדט, — אַ מיידעל, אַ ליאַלקע! אַ בריה — איינע אין דער וועלט... שאַ אויך אַ ביטעלנאָהערין.

דראַבקין האָט נאָך אַלץ נישט געקאָנט בעגרייפען, אונ חאַשקע האָט זיך איהם געדרעהט פאַר די אויגען...

— דאָרטען וויל מען דיך זעהר, האָט דער פריינד גע־האַלטען אין איין רעדען. — די כלה איז דאַכט מיר פערליעבט אין דיר, זי קען דיך פון לאַנג אָן, געאַרבייט דאַכט זיך מיט דיר, נו, ווילסט דו? זאָג, ווערט דאָס אין איינס אונ צוויי, איך וועל ביי דיר קיין שדכנות נישט בעטען, איך וועל מיר נאָר נעמען אונטער פיהרער. נו?

— אַ שדוך? האָט דראַבקין געשטאַמעלט, — מיר ווילט זיך דאָס גאָר ניט!...

— וואָס, דו ווילסט גאָר נישט חתונה האָבען? האָט איהם יענער איבערגעריסען מיט שפּאָט, — דו ווילסט אַוועק אין מאָנאַסטיר? זיי קיין נאַר נישט אונ לאָז זיך רעדען! פינף הונדערט רובעל נדן אונ דו ווערסט אַ בעל־הבית, דאָס ווייב

וועט דיר זיין איין אמת'ער עוזר. דרעה קיין קאָפּ נישט!... ווי איך בין אַ יוד, אַז דו וועסט ביי מיר מוזען חתונה האָבען מיט דעם מיידעל!...

דער פריינד האָט זיך שוין שטארק געהיצט. ער האָט אָנגערופען דעם מחותּן — גרונם דער גלאָזער, די כלה — חייענקע, אַ מיידיל מיט גאָלד גלייך, שאָן, אַז דראַבקין מאָג זיך ענטקענען איהר בעהאַלטען אין הרובע, קלוג — שייכות קלוג? — בלעם! עהרליך, ווי גאָט האָט געבאָטען, אַ כשר קינד — „אויף מיר אַזאַ יאָהר!"...

דער פריינד האָט געאַרבייט מיט אַלע כּוחות, געערדט, געשריען, געקוויטשערט, גערונערט, געברילט — און דראַבקין האָט לסוף געמוזט פערגעהן מיט איהם אין אַ שענק און שטעלען משקה און נאָך די ערשטע דריי כּוסות איז דער פריינד ענט־לאָפען צום מחותּן.

— וועסט מיר דאַנקען כל־זמן דו וועסט לעבען! האָט ער געזאָגט צום געזעגענען זיך.

בלייבענדיג אַליין האָט ערשט דראַבקין דערפיהלט, אַז עס איז פאַר איהם אייגענטליך אַ גליק. פינף הונדערט רוביל! ער — מיט פינף הונדערט רובעל! ער וועט דאָך וועלטען איבער־קעהרען, ער — מיט פינף הונדערט רובעל!...

און די כּלה קען ער טאַקי. דער פריינד האָט קיין סך ליגענס ניט אָנגעזאָגט. זי איז נישט קיין אַי — אַי — אַי, אָבער אַזעלכע מיידליך וואַלגער'ן זיך נישט אין די גאַססען. יאָ, ער דערמאָנט זיך אויף איהר גוט. זי איז אַ ביסעל האָכער פאַר חאַשקען, פולער, דאַכט זיך, אביסעל... אַ בלאָנדינע, אַ לעבעדיג שטיק דאַרף זי, דאַכט זיך, זיין... אַ פיינוכע, אַ ריהרעוודיגע בריה...

פינף הונדערט רובעל! דאָס איז דאָך פיר איהם... שייכות צו זאָגען!... פינף הונדערט רובעל... ער וועט דאָך... המ..

ער געדענקט נישט אַקוראַט, אָבער זי איז דאַכט זיך זעהר אַ גוטע אַרבייטערין. וואַרט, ביי ווען האָט ער מיט איהר געאַרבייט?

ער האָט צוגעמאַכט די אויגען און געוואָלט זיך דערמאָנען: ביי אַברהם בערן? ניין... ביי... ביי... צום שוואַרץ יאָהר, ביי וועמען האָט ער עס געאַרבייט מיט איהר! ניין, ער וועט זיך נישט דערמאָנען, אָבער דאָס געדענקט ער אַקוראַט, אַז זי איז אַ גוטע ביטעל־נאָהערין. און גלאַט ביי איהם אין די האָנד וועט זי שוין ווערין אַ גוטע אַרבייטערין.

חאַשקעס פיגור איז איהם אַלץ געשטאַנען פאַר די אויגען, און איהם האָט זיך געדאַכט, אַז ער טראַכט וועגען דער חייענקען און זעהט זי. — —

אז חאַשקע איז געקומען האָט ער איהר גלייך דערצעהלט דעם פאָרשלאַג און געפרעגט ביי איהר איין עצה.

האַשקע איז בלייך און רויט געוואָרען.

— אַ, טהוט מיר היינט וועה דער קאָפּ! האָט זי געזאָגט און איהר קול האָט געציטערט.

דראַבקין האָט געגלויבט איהר קאָפּ־וועהטאָג, די מוטער אויך.

— מסתמא פערטשאַדיעט זיך, האָט די אַלטע געמורמעלט, זיצענדיג איינגעקאָרטשעט — זיי האָבען דאָרטען אַלץ מורא דער־פאָרען ווערען! א פּאַהיבעל גאָר אויף זיי... איך וועל אַרויסנעהמען דאָס הייסע וואַסער פון אויבען וועסט דו אויסוואַשען דעם קאָפּ.

דאָס האָט זי אויסגעגאָסען איהר ביטער האַרץ צו חאַשקעס בעלי־בתים׳ס קאָפּ. און איהר האַרץ איז געווען יעצט שטאַרק פערביטערט: זי האָט נערעכענט דראַבקינען פאַר חאַשקעס חתן.

חאַשקע האָט געשוויגען, דראַבקין האָט אויף איהר געקוקט און געוואַרט אויף איין ענטפער.

— איהר קאָנט אפשר די חייענקען, האָט ער ווייטער אָנגעהויבען, זי דאַרף דאַכט זיך זיין א וואָהל־מיידיל.

די אַלטע האָט זיך נאָך מעהר אָנגעבלאָזען און חאַשקע האָט ענדליך געענטפערט מיט א פעסטער שטימע:

— וואָס קען איך וויססען? ווי עס ווייזט אויס איז דאָס גאָר ניט קרום. פינף הינדערט רובעל און חייענקע, ווי איך קען זי, איז טאַקי אַוואָהלע, זאָל זיין מיט מזל!

ביי די לעצטע וואָרטער האָט איהר קול דאָך געציטערט.

די אַלטע האָט ניט געפונען קיין שלעכטע ווערטער אויף קאַליע מאַכען דעם שדוך און איז שטאַרק ברוגז געוואָרען: אויף חייענקען מיט איהרע פינף הינדערט רובעל, אויף דראַבקינען, אויף חאַשקען, אויף זיך און אויף איהר גאַנץ אָרעם לעבען, זי האָט זיך איינגעהאַלטען פון טרערען און אָנגעגרייט בעזונדערע טענות פאַר'ן רבונו של עולם.

און דראַבקין האָט דער ווייל אויסגעלעגט זיינע פּלאָנער. ער האָט גערעדט פריילעך און נישט בעמערקט דעם אַרומיגען שמערץ — — —

ער האָט עס בעמערקט אין אַ פּאָר טאָג אַרום, ווען ער איז געקומען מיט אַ שמחה און געזאָגט, אַז מאָרגען איז ביי איהם תנאים. חאַשקע איז בלייך געוואָרען, געחאַפּט זיך פאַר'ן האַרצען און איז שיער נישט אומגעפאַלען. ער איז געבליבען מיט אַ וואָרט אויף די ליפען: ער האָט אַלץ פערשטאַנען.

— האַשקע — וואָס איז מיט אייך? האָט ער פאַר שרעק אויסגעשריען, חאָטש ער האָט געוואוסט, וואָס מיט איהר איז. ער האָט איהר דערלאַנגט אַ גלאָז וואַסער.

האַשקע האָט זיך אַ וואָרף געטהון אין בעט מיט'ן געזיכט אין קיסען און היסטעריש צעוויינט זיך.

די אַלטע האָט אַרום איהר אַרומגעטאַנצט און דראַבקין איז געשטאַנען, ווי אַ דערשלאָגענער. איהם האָבען זיך אויך טרערען אָנגעשטעלט. ער האָט ערשט בעגריפען, פאַר וואָס חאשקע איז איהם געשטאַנען די לעצטע צייט פאַר די אויגען, ווען ער האָט גאָר גערעדט וועגען דער כלה. ער האָט זיך ערשט געחאַפּט ווער עס פעהלט איהם.

אין איין מינוט איז ער קלענער און עלטער געוואָרען. איהם האָט זיך פערוואָלט אַ וואָרף טהון זיך צו חאַשקען, אַרומ־נעמען זי, האַלזען זי, קוססען זי, שווערען איהר, אַז ער וועט נור מיט איהר חתונה האָבען...

ער איז ענטלאָפען צו זיך אין צימער מיט אַ געוויין.

— וואָס איז ער משוגע געוואָרען? האָט די אַלטע ביין אַרויסגערעדט.

און חאַשקע האָט זיך נאָך ביטערער פֿאַרנאַנדער געוויינט און שטאַרקער געדריקט זיך די ברוסט. —

---

## V.

מען האָט אָבגעלעגט די חתונה אויף אַ האַלב-יאָהר, נור דאָס נדן-געלד האָט מען איהם גלייך אַרויס געגעבען אויף די האַנד ער זאָל גלייך אַיינפֿיהרען אַ ווערק-שטאַט. אַלע האָבען איהם דערקענט פֿאַר איין אָרענטליכען מאַן.

ער האָט געקויפֿט אַ מאַשין, שערען, מעסערס; צוואַנגען הילצערנע האָט ער אַליין געמאַכט און געזעצט זיך צו דער אַרבייט צו זאַמען מיט דער כּלה, די ווערק-שטאַט איז געוועזען, נאַטירליך, אויף איהר נאָמען.

מען האָט איהם פֿערשאָטען מיט אַרבייט.

אויף איהם האָט זיך אָנגעצויגען אַ נייע הויט, ער איז געוואָרען פֿראָהליכער, לעבעדיגער, פֿרישער. ער האָט זיך גענומען צו דער אַרבייט מיט היטץ, ער האָט זיך נישט געקאָנט אָנזאָטיגען. עס האָט זיך געדאַכט, אַז ער האָט געוואָלט אַריינ-חאַפּען, וואָס מעהרער און מעהרער.

ער האָט געשפּיערט אַזוינס, וואָס ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געשפּיערט. ער האָט געלד! ער האָט געלד! ער איז אַליין אַ בעל-הבית! אָפֿט פֿלעגט איהם אָנהייבען קיטצלען און ער פֿלעגט גליקליך שמייכלען און פֿערגאַנדער זינגען זיך, ער האָט זיך געפֿיהלט איבער גליקליך. ער האָט געמאַכט פּלאָנער — דער נדן וועט זיך פֿערגראָסער'ן, ער וועט האָבען אַ סך געלד, ער וועט וועלטען איבערקעהרען!...

— איך וועל זיי בעווייזען! פֿלעגט ער אויסשרייען מיט נצחון גלאַט אין דער וועלט אריין, שטעפּענדיג אויף דער

מאַשין, נאָהענדיג אין דער צוואַנג.

— וועמען? האָט די כלה געפרעגט, אַז ער האָט עס שוין אַ מאָל צעהן איבער געחזר׳ט.

— אַלעמען! האָט ער געענטפערט, — זיי וועלען שוין ביי מיר זעהן!

די כלה האָט געשוויגען, און ער האָט נאָך לאַנג געחזר׳ט, אַז ער וועט זיי בעווייזען.

איין וואָלקען נור איז געווען אויף זיין ליכטיגען הימעל: ער האָט געבענקט נאָך חאַשקען, חאַשקע האָט איהם געפעהלט.

ער פלעגט פערבלענדען, פערשצורען די אויגען, אָנפעכענדיג אַ פאָדעם און קוקען אויף דער כלה, נור געטראַכט האָט ער בשעת מעשה וועגען חאַשקען: ער האָט זי פערגלייכט מיט דער כלה.

— וואָס קוקסט דו אויף מיר אַזוי? פראָגט זי איהם מיט אַ שמייכעל. נור ער ענטווערט נישט און פעכט.

— האָסט מיך נישט געזעהן? ווילסט זעהן, צי האָסט דו דיך נים געגנאַרט? פרעגט זי איהם ווייטער, זי וואַ־פט די ארבייט און נעמט איהם אַרום אַרום האַלז.

נור ער שווייגט, ער שטעקט אַריין דעם אָנגעפעכטען פאָדען אין נאָדעל און העבט אָן נאָהען, ער פיהלט, אַז די איז איהם פרעמד, די קען ער גאָר נישט.

— ביזט ברוגז? פרעגט איהם די, לאָזט איהם אָב דעם קאָפ און איז שוין אַליין גרייט ברוגז צו ווערען.

— גאָר ברוגז, ענטפערט ער, קוקענדיג אויף דעם בייטעל אין צוואַנג און שטעכענדיג. — איך האָב געקוקט, איך טאָר אויף דיר נישט קוקען?

— — —

ער פלעגט צו חאַשקען אָפט געהן, חאָטש אויף אַ ווייל און אין דער ווייל האָבען זיי זיך אויך נישט גוט געפיהלט. ביי ביידען זענען געשטאַנען טהרערען אין די אויגען.

די אַלטינקע פלעגט זיך אַרויסמאַכען ביי זיין בעזוך אין קיך אַריין, מורמלענדיג און מיט איין אַיינגעקנייטשטער

שטערען, דאָרטען פלעגט זי זיך אַוועק זעצען איבער אַ זאַק בײ אײן פינסטער'ן לאָמפּעל אונ קוקען פאר זיך אין די האַלב־פינסטערנים אַרײַן אונ טראַכטען װעגען איהר נאַררישער אונ אומגליקליכער טאָכטער.

דראַבקין פלעגט זיך שטעלען אין פענסטער אונ שרײַבען מיט'ן פינגער אויפ'ן שויב אָדער קוקען גלאַט אין דער װעלט אַרײַן אָהן קלאָהרע געדאַנקען אין קאָפּ אונ װאַרטען, אַז חאַשקע זאָל עפּעס פראָגען.

אונ חאַשקע איז געזעסען איבערגעבויגען איבער אײן אַרבײַט אונ אין האַרץ האָט איהר געגאָגט אונ געגאָגט.

זי האָט געפיהרט מיט זיך אַ שטאַרקע מלחמה, זי האָט געװאָלט אַלץ פערגעסען. אויס, פערפאַלען, מסתמא איז נישט בעשערט! אונ דאָך האָט זי נישט אָבגעלאָזען אַ שרעקליכע נאָגענדע בענקעניש. אונ אין דער שטילער נאַכט פלעגט זי נאָם מאַכען איהר קיססען מיט לאַנגזאַמע, װאַרמע טהרערען. אונ אָפט פלעגט זיך איהר דאַכטען. אַז עס װעט זײַן אַ טאָג, חאָטש װער װײס אין װי פיעל יאָהר אַרום, אונ ער װעט קומען צו איהר צו לויפען אונ... אָח, ביז'ן סוף האָט זי קײנמאָל ניט דערטראַכט — — —

אָבער ער דאַרף דאָך נישט װיסען, װאָס אין איהר קומט פאָר!

אונ חאַשקע מאַכט זיך האַרץ אָטהעמט פרײַער אויף אונ הערבט אָן די ערשטע צו רעדען.

— װאָס טהוט זיך בײַ אײַך? פערהאַנן אַרבײַט?

יאָ װעגען דעם קען ער אַ סך רעדען אונ אָנדערצעהלען, עס איז איהם בלויז שװער אויפ'ן האַרצען. ער זיפצט אָב אונ ענטװערט אונטער נאָז.

— עס אַרבײַט זיך צו ביסלעך, אין אַרבײַט װעט שוין גראָד קײן מניעה ניט זײַן.

— אויף װעמען אַרבײַט איהר יעצט? פראָגט זי װײַטער, אַריבערלאָזענדיג זײַנע לעצטע װאָרטער.

— אויף עטקינען. ענטװערט ער מיט אַ האַלבען מויל,

ווי ברוגז, וואָס זי רעדט אַלץ ווענען אַ זאַלבע זאַכען.

אָבער ניין, דאָס מוז ער איהר טאַקי דערצעהלען, ווי ער האָט אָבגענומען דעם קרעמער עטקינען ביי זיין אַלטען בעל־הבית, ביי משה ברוך׳ען, דאָס איז טאַקי העכסט אינטערעסאַנט, אונ ביסלעך־ווייס צערעדט ער זיך אונ צעהיצט זיך, ווי ער האָט אַריין געטראָגען צו עטקינען אַ שטיקעל אַרבייט אונ אַללע האָבען דאָרטען געלעקט די פינגער אונ גלייך האָט ער בעקומען אַ גאַנצען בעשטעלונג. אונ משה ברוך האָט איהם בעגעגענט אונ געשראָקען אַז, ער וועט איהם צו פּאַטשען די צורה. האַ — האַ — האַ, ער האָט טאַקע געפונען ווען צו שרעקען! ניין! ער וועט נאָך איהם בעווייזען אַזאַ קונץ אונ וועט נאָך אַריינגעהן צו בזשעשזונסקען, אויף וועלכען משה ברוך אַרבייט, אונ זאָל ער איהם טאַקע וואָס טהון! אַהאַ! ער קען איהם, דעם משה ברוך׳ן, גאַנץ גיך מאַכען פּאַר אוים בעל הבית... ער רעכענט נאָך אַריינגעהן צו אַברהם בעריי׳ש קונדען, מיט אברהם בערן מוז ער זיך אויך אָברעכענען אויף דער וועלט, ער ווייס אַלע קונדען זיינע, אַפילו די נישט היעגע אונ ער וועט צו אַלעמען פערנאַנדערשיקען פרייז־קוראַנטען... ניין, ער וועט זיי שוין בעווייזען!... ער וועט שוין מיט זיי לערנען בלק!

אונ חאשקע הערט אונ האָט הנאָה. נאָר איין פראַגע דריקט זי, אונ זי מוז זי פרעגען. זיי בייגט אַראָב דעם קאָפּ איבער דער אַרבייט אונ מיט אַ פערשטיקטער שטימע פרעגט זי:

— וואָס מאַכט אייער חייענקע?

ער רייסט איבער זיין ערצעהלונג אונ ווערד ווייטער אומעטיג.

— וואָס זאָל זי מאַכען? אַרבייט.

אונ ווייטער קוקט ער אין פענסטער אַריין? יעדען געדאַנק אין קאָפּ? אונ זי בלייבט איבער געבויגען איבער איהר אַרבייט אונ העבט די אויגען נישט אויף. אונ באַלד צו שיידען זיי זיך מיט שטיינער אויפ׳ן האַרצען — — —

נור שפּעטער אַביסעל האָט איהם די אַרבייט דעם קאָפּ פערדרעהט, אַז ער האָט דאָס האַרץ פערגעסען, ער האָט זיך צוגעוואָהנט צו חייענקען אונ איז בערעדליכער געוואָרען, ער

האָט איהר אָנגעהויבען דערצעהלען, וואָס ער פלעגט צו טהון מיט זיינע בעלי־בתים, ווי ער פלעגט זיך מיט זיי קריגען, זי האָט געלאַכט, איהר איז געפאָלען געווען זיין העזה.

— איך האָב נאָך מיט קיינעם פון זיי קיין גוט־וואָרט נישט גערעדט. אַפילו מיט דעם בעסטען, דערצעהלט ער איהר. — איך האָב זיי שטענדיג בעוויזען מיינע נאָגעל.

— איך וועל דיר זאָגען דעם אֶמת, האָט זי געזאָגט מיט איין ערנסטער מינע, — איך וואָלט דיך אויפ'ן שוועל נישט אַרויפגעלאָזען, ווען איך וואָלט געווען דיין בעל־הבית, איך זאָל אַפילו וויסען, אַז איך וועל פון דיר בעגילדט ווערען.

ער האָט גאָר נישט געענטפערט, שנעלער אָנגעהויבען שטעפען אונ געוואַרט, טאָמער וועט זי נאָך עפּעס זאָגען.

— ביי אונז וועט עס נישט זיין, האָט זי געזאָגט.

— אַוודאי ניט האָט ער אונטערגעהאַפּט — מיר וועלען זיך אַנדערש בעגעהן מיט אַרבייטער.

— אַנדערש, צי ניט אַנדערש — האָט זי געענטפערט, — נור, אַז איינער וועט ביי אונז מאַכען אַזעלכע קונצען, איז גלייך פאַר'ן אַקסעל אונ פון די טרעפּ!...

— דאָס זאָגסט דו אַזוי...

זיין קול האָט געציטטערט.

— אונ אַזוי וועט עס טאַקע זיין, האָט זי געענטפערט מיט דעם זעלבען ערנסט, בין איך אַ בעל־הבית, דאַרף איך זיין אַ בעל־הבית, איך וויים, איך האָב אויך געאַרבייט ביי בעלי־בתים, איך האָב מיך אויך געקריגט מיט זיי, זענען זיי מסתמא ווערט געווען, אָבער גלאַט אַזוי — אַהולעם קריגען זיך! מעהר וועט „זיי" נישט פעהלען ביי מיר.

— ביי אונז וועט עס נישט קענען פאָרקומען, האָט ער געזאָגט, — איך וועל זיי אין אַלץ נאָכגעבען.

— ווי הייסט אין אַלץ נאָך געבען? — זי האָט געהאָבערט אַביסעל די שטימע — פע, אַ האָר אויך נישט, פאַר וואָס זאָל איך מיך בעסער בעגעהן, ווי מען איז זיך מיט מיר בעגאַנגען?

דראַבקין איז בלייך געוואָרען: עס האָט איהם אַ ציטטער געטהון די האַנד.

— דאָס וועלען מיר שוין זעהן, האָט ער שוואַך אַרויס־גערעדט, ער האָט זיך אַיינגעהאַלטען, נאָר דאָס בלוט האָט אין איהם געזאָטטען.

— וואָס וועלען מיר זעהען, וואָס? האָט חייענקע געזאָגט. — געוויס וועל איך מיך נישט בעסער בעגעהן, ווי מען איז זיך מיט מיר בעגאַנגען. פאַר וואָס זאָל איך זיי נאָכ־געבען? זיי זאָלען מיר קריכען אויפ׳ן קאָפּ?

ער האָט גאָר ניט געענטפערט. ער איז שוין געוועזען, שטאַרק אין כעס און האָט זיך אַריינגעהאַלטען ניט צו רעדען. ער האָט זיך איינגעטיעפט אין דער אַרבייט און מעהר אַוואָרט נישט גערעדט, חאָטש חייענקע איז ניט איז גיך ענטשוויגען געוואָרען. — — —

די נאַכט איז ער געלאָפען צו חאַשקען, ער האָט איהר איבערגעגעבען דאָס געשפּראָך.

— איהר האָרט עפּיס וואָרטער? האָט ער אויסגעשריען צולעצט.

— זי איז גערעכט, ווי דער טאָג. האָט זיך די אַלטע אַריינגעמישט.

— סאַר׳ אַ וואָרטער, האַ? האָט ער איבער געחזר׳ט, און געקוקט חאַשקען אין די אויגען.

— נו, האָט יענע קאַלט אַרויסגערעדט.

— ווי הייסט „נו״, וואָס טייטש „נו״? האָט ער געשריען.

— וואָס ווילט איהר, אַז אַלע זאָלען זיין מיט אייך אין איין מיינונג?

— ווי הייסט „אין איין מיינונג״? וואָס טייטש „אין איין מיינונג״? האָט ער זיך געוואָרפען, — דאָס איז דאָך מיין כלה!

— איהר האָט דאָך אָבער בעזונדערע קאָפּ, בעזונדערע האַרצער, האָט חאַשקע געענטפערט.

— ער וואָלט וועלען, אַז זיין כלה זאָל זיין אַזאַ פערד, ווי ער, האָט די אַלטע צוגעגעבען.

— ניין, אָט איהר? פֿאַר וואָס איהר? איז ער צוגעשטאַנען צו חאַשקען.

— זי איז אַ לאַנג אָנ'ענדיגער נארר, האָט די אַלטע גע־ענטפֿערט; נור חאַשקע האָט געשוויגען, רויט ווערענדיג.

— היינט פֿאַר וואָס זי? האָט ער גערעדט זיינס, מיינענדיג שוין די כּלה.

— איז וואָס ווילט איהר? האָט איהם חאַשקע איבערגעריסען. ער האָט עפּיס ניט גלייך געפֿונען קיין תּירוץ.

— נו, זאָגט, וואָס ווילט איהר?

— וואָס זאָל איך ווען? איך וויל גאָר נישט, האָט ער געענטפֿערט ברוגז'דיג.

ער איז אַוועק מיט גאָר נישט אונ ברוגז. ער האָט געוואָלט, אַז חאַשקע זאָל איהם העלפֿען זיין אין כּעס, אַרוים געהן פֿון זיך, ווי אלע מאָל. — — —

אויף מאָרגען האָט ער געפּרוּבט נאָך אַ מאָל דורכרעדען זיך מיט חייענקען, נור ער האָט אויסגעהאָרט דאָס זעלבע, וואָס געכּטען.

— זאָג איך דיר, האָט ער שוין אַרויס גערעדט שאַרף אונ פֿעסט, — אַז בּיי אונז וועט מען זיך בּעגעהן מיט די אַרבּייטער, ווי איך וויל!

— זאָג איך דיר, האָט איהם חייענקע איבּערגעשניטען, — אַז ערשטענס האָבען מיר נאָך ניט אונ מיר נעמען נאָך נישט קיין אַרבּייטער, אונ צווייטענס, זועל איך מיך מיט זיי בּעגעהן, ווי איך וויל.

— מיר וועלען זעהן!

— וועלען מיר זעהן!

ער איז ברוגז געוואָרען, זי איז ברוגז געוואָרען אונ האָבּען שוין ניט גערעדט דעם גאַנצען טאָג.

„אַז ער איז אַזא מאַכער", האָט זי געטראַכט, „וועט ער שוין בּיי מיר נישט זיין קיין פּריץ איבּער דאָס געלד".

ער איז געזעסען, ווי אויף שפּילקעס. ער איז געוועזען שרעקליך אין כּעס, דאָס בּלוט האָט אין איהם געקאָכט, ער

האָט געוואָלט אויפשפרינגען, אַ שפּיי טהון, אַ שטאַרקען שפּיי טהון אונ צערייסען אויף אייביג מיט דער כלה, נור עפּיס האָט איהם אויפגעהאַלטען, דאָס „עפּיס" האָט איהם ניט דערלאָזען טהון, אונ האָט זיין כעס איינגעהאַלטען. אונ דאָס עפּיס איז איהם אַליין נישט זעהר דייטליך געווען, ער האָט עס נור שטאַרק געפיהלט, פון דעם „עפּיס" איז איהם געגאַנגען אַוואַרמקייט איבער'ן גאַנצען גוף — — אונ דוקא פון בוזעם קעשענע...

„נו, נו, מיר וועלען זעהן"! האָט ער געטראַכט, „נאָך דער חתונה וועלען מיר אַ סימן האָבען". —

ביי'ם צושיידען זיך אין יענעם טאָג, האָט איהם חייענקע געזאָגט:

— נו, לויף אויף גיך צו דיין חאַשקען אונ פער'מסר מיך.

ער האָט דערויף געענטפערט:

— אַז איך וועל צו איהר וועל לויפען, וועל איך ביי דיר נישט פרעגען.

חייענקע האָט געוועזען ביי זיך בעשלאָסען אויספיהרען, ער זאָל אויפהערען צו געהן צו חאַשקען: געפאָלט איהם חאַשקע בעסער, טאָ זאָל ער זי נעמען, זי קען בעשטעהן האָבען אַ חתן פיר זיך אַליין, נור ביי איהר איז געבליעבען, ביז דער חתונה ניט פערפיהרען מיט איהם קיין סקאַנדאַלען, אָבער נאָך דער חתונה וועט זי שוין וויסען, ווי צו מאַכען ער זאָל צו חאַשקען אויפהערען צו געהן אונ זי זאָל ביי זיי אויפ'ן שוועל נישט אַרויף.

נור ער האָט גאָר נישט געוואָלט געהן צו חאַשקה'ן — ניט היינט אונ ניט מאָרגען אונ איבערהויפט... וואָצו? ער איז געוועזען אויף איהר ברוגז. — — —

# VI.

פֿראַהליך זענען געווען צו דער חתונה חייענקע מיט איהרע עלטער'ן: פֿון די פֿינף הונדערט רובעל נדן איז אונטער דער צייט געוואָרען זיעבענהונדערט; חייענקע האָט זיך געפֿיהלט פֿאַר אַ גבירה, אונ איהרע עלטער'ן פֿאַר אַ גבירה'ס אַ טאַטע — מאַמע.

דראַבקין איז אָבער געווען נישט אין גוטען הומאָר. ער האָט עפּיס מורא געהאַט. נאָך דער חתונה וועט זיך אָנהעבען אַ מלחמה. —

די מלחמה האָט זיך טאַקי אָנגעהויבען אין פֿינף חדשים אַרום נאָך דער חתונה. זיי האָבען בעשלאָסען אָנהעבען אויס־אַרבייטען אייגענע סחורה אונ ניט וואַרטען ביז מען וועט זיי ברענגען אַרבייט פֿון די קראָמען, מען האָט געדאַרפֿט פֿערפֿיהרען שוין אַ גאַנצע ווערקשטאַטט מיט אַרבייטער.

ער האָט זיך געזעהן מיט עטליכע אַרבייטער, אַלטע חברים, מיט וועלכע ער האָט צוזאַמען געאַרבייט.

— וואָס, חברה, איהר וועט געהן צו מיר אַרבייטען?

— אישש, דראַבקינ'דעל! דו ווערדסט טאַקי אַ גאַנצער בעל־הבית?

— האָרסט, ער איז דאָך גאָר קיין יאָלד נישט!

— נו. וועט איהר געהן אַרבייטען?

— פֿאַר וואָס ניט — וועסט דאָך מסתמא צאָהלען אין צווייען.

די אַרבייטער האָבען געלאַכט.

— מיט מיר האָט איהר דאָך נישט וואָס צו רעדען וועגען אַ זעלבע זאַכען, האָט ער זיי געזאָגט אונ געטראַכט בשעת־מעשה וועגען דעם ווייב.

— וועסט דו טאַקי צאָהלען אין צווייען?

— איהר האָט ניט וואָס צו רעדען, פֿערד! איהר נעמט

ביי מיר מעהר, ווי ביי אַלעמען און איהר וועט אַ סך ווייניגער אַרבייטען.

זיי זענען אַלע צוגאַנגען צופריעדען. איהם האָט זיך געדאַכט, אַז ער האָט זיינם פּאָרט אויסגעפיהרט. —

— מאָרגען וועלען קומען פיער אַרבייטער, האָט ער געזאָגט חייענקען, קומענדיג אַהיים. ער האָט אָנגעהויבען אויסרעכענען: אַברהמי'ל, וואָס האָט געאַרבייט ביי אַברהם בער'ן; לייבקע, וואָס...

— וואָס וועסט דו זיי צאָהלען? האָט זי איהם איבער-געריסען און געקוקט אויף איהם פון אונטער דעם אָנגעקנייטשטער שטערען. — ער האָט געשוויגען. ער האָט געטראַכט, ווי פיעל צו זאָגען איהר.

— וואָס שווייגסט דו? האָט זי שוין שטרענגער געפרעגט און שאַרפער זיך אַיינגעקוקט אין איהם.

ער איז געוואָרען מיט אַמאָל דרייסט ביי זיך, שטאַרק אין דער דעה. וואָס האָט ער מורא צו האָבען פאַר איהר? ער וועט איהר זאָגען! זי וועט ניט וועלען איז ווי זי וויל זיך! ער האָט איהר אויסגעלעגט מיט אַ פרייליכען שמייכעל אַלע בעדינגונגען מיט די אַרבייטער.

— אַלע באָזע חלומות צו מיינע שונאים'ס קאָפּ! האָט זי אויסגעשריען, אַ פּאַטש טהוענדיג מיט די האַנד, — וואָס ביזט דו שיכור, צי משוגע?! סאר'א ברייטער פריץ! וואָס דאַרפסט דו אַ סך — נעם מיין נדן און צושיינק!...

— דו ווילסט ניט, איז ווי דו ווילסט זיך! האָט ער בייז אַרויסגערעדט. איך וועל נישט זיין אַזוי ווי אַללע, איך וויל נישט זיין קיין ביטעל-שניידער!

— זעה אַ קאָרשט — אַ ביטעל-שניידער! האָט זי גיפטיג געענטפערט, — דיינע גרויסע פרנסות! איך, אַ מעוברתע, וועל אַרבייטען פירצעהן און פינפצעהן שעה און זיי וועלען ביי מיר אַרום געהן, ווי די פריצים! נישט דערלעבען וועלען מיינע שונאים! אַזוי לאַנג קרענקען זיי, ווי לאַנג דאָס איז נאָך נישט געוועזען און דאָס וועט ניט זיין!...

— איך האָב דאָך דיר געזאָגט, דו ווילסט נישט, איז ווי דו ווילסט דיר!

— וואָס איז דאָס פֿאַר א וואָרטער! די בעל־הבית׳טע לעת־עתּה בין איך, דאָס געלד איז נאָך לעת־עתּה מיינס!... דו האָסט עפּיס אַ סך געבראַכט? וועט מסתּמא זיין ווי איך וויל. וועסט דו זעהן, צי זיי וועלען ביי מיר אַרבייטען, צי נישט. גאָר נישט — אַ בעל־טובה, העָן!

— האָר חייענקע, מאַך קיין קונצען ניט.

— מאַך דו קיין קונצען נישט! וואָס וועסט דו טהון? וועסט מיך שלאָגען? פֿאַר אַ זעלכע זאַכען האָב איך גאָר קיין מורא נישט!...

זי האָט שוין געקוויטשעט.

ער האָט אויף איהר באָז געקוקט און געסקריעט מיט די צאָהן.

פּלוצלינג האָט זי זיך אָנגעטהון און ענטלאָפֿען צו איהרע עלטערן. —

אין אַ שעה אַרום איז געקומען דער טאַטע, די מאַמע, דעם טאַטינס ברודער יונה, דער שניידער און דער מאַמעס ברודער, יחיאל דער שוסטער; חייענקע טריאומפֿירענד מיט נצחון פֿאָר־אויס, דראַבקען האָט זיי בעגעגענט נישט מיט אַ פֿרייליכען געזיכט און געטהון זיך זיין אַרבייט אויף דער מאַשין.

— וואָס טהוט זיך דאָ ביי אַיך? האָט אָנגעהויבען גרונם דער גלאָזער. — דראַבקין האָט געשוויגען.

— וואָס ביזט דו אַזוי אָנגערוקט? האָט די שוויגער גיפֿטיג געפֿראָגט. דו ביזט נאָך אפשר גערעכט?

— איך פֿראָג ביי קיינם ניט, צי בין איך גערעכט צי נישט, האָט ער נאָך גיפֿטיגער געענטפֿערט.

— אַ פֿיינער תּירוץ, האָט די שוויגער אַרוים גערעדט בעלעדיגט.

— מיר געפֿאָלט ער, האָט דראַבקין געענטפֿערט און געשטעפּט.

— האָר, קיין עזות־פּנים דאַרף מען פֿון דעסטוועגען

ניט זיין, האָט גרונם שוין ברוגז'דיג געזאָגט.

נור חייענקע מישט זיך אַריין אונ דערלאָזט נישט צו קריעג.

— מאַכט איהם, מאַכט איהם דעם חשבון, האָט זי זיך געווענדעט צום פעטער יונה, — זאָל ער הערען.

— לעג אַוועק יעצט די אַרבייט, האָט געזאָגט דער פעטער יחיאל, אונ לאָז דיך רעדען.

— איך האָב ניט וואָס צו רעדען.

— זיי דאָך קיין קינד נישט!

— וואָס האָב איך וואָס צו רעדען, וואָס? — ער האָט זיך אויפגעהויבען פון אָרט — איך האָב געזאָגט איין מאָל פאַר אַלע מאָל, איך וועל נישט זיין קיין בייטעל-שניידער.

— דו רעדסט דאָך, ווי א קינד, האָט אָנגעהויבען דער פעטער יונה, איך בין אויך קיין בייטעל שניידער נישט אונ ווי איך בעגעה מיך מיט מיינע אַרבייטער איז אויף מיר אַזא יאָהר! נור אַליץ דאַרף דאָך זיין מיט אַ חשבון! — דו, יונגעל, דו, האָט ער אָנגעהויבען מיט דעם ניגון פון גמרא, — דו ווערסט אַ נייער פאַבריקאַנט, אַ נייער קאָנקורענט אויף פּלאַטץ, דאַרפסט דו זעהן פערקויפען וואָס וועלוועלער דיין סחורה, הייגט, אַז זי וועט דיך קאָסטען טהייערער, ווי אַלעמען? האָט ער געענדיגט איראָניש, אַוועק שטעלענדיג זיך אין די באָקעס, מיט די האָנד אין די זייטען, בעקוקענדיג אַלעמען מיט נצחון.

— איך ווייס די חשבונות! האָט דראַבקין געקשנ'ט זיך.

— ניין, דו ווייסט ניט! האָט דער שניידער אויסגעשריען, אַ מאַך געטהון מיט דער רעכטער האַנד אונ צוריק אַוועק-געשטעלט זי אין דער מיט. — ניין, דו ווייסט נישט! אַז דו וואָלסט געוואוסט, וואָלסט דו דאָס ניט וועלען טהון!... נאָך אַ מאָל, דו יונגעלע, דו — ער האָט ווידער אָנגעהויבען מיט דעם גמרא-ניגון — אַרבייט-געלד וועט דיר קאָסטען כמעט אין צווייען טהייערער, ווי איין אַנדער'ן, אוים אַרבייטען אין „טאָג וועלען זיי אין צווייען וועניגער ווי ביי איין אַנדער'ן, נו, קאָפּ, גיעב שכל! וועט דאָך דיין סחורה זיין אין פיערעק טייערער!...

ווער וועט זי ביי דיר קויפען? זי וועט דען זיין מיט פליטערלעך?

— אַז איך וויל נישט וויסען פֿון השבונות! האָט דראבקין אויסגעשריען.

— ביזט דו דאָך אַ נאַרר, אַ חמור, אַ פֿערשטאָפּטער קאָפּ! האָט זיך יונה צוהיצט.

— דאָס ערשטע מאָל אויף מיין לעבען זעה איך גאָר אַזא מענשען! האָט געזאָגט יחיאל אונ געדריקט מיט די אַקסלען.

— שאַ, וואָס איז דאָס אייער דאגה, האָט זיך דראַבקין געבייזערט, — וואָס איך וועל וועלען, דאָס וועל איך טהון!

— ווי הייסט וואָס דו וועסט וועלען?! האָט גרונם געשריען, דו ביזט נאָך נישט קיין בעל־הבית, לעת־עתּה איז נאָך חייענקע די בעלהבית'טע!

— אַוודאי! האָט אונטער געחאַפּט די שוויגער.

— אַוודאי! האָט אונטער געחאַפּט חייענקע.

— דו ביזט נאָך דער צו איין גרויסער עזות־פּנים, אַ שייגעץ! האָט זיך גרונם געזידעלט.

— אַ באַלוואַן, אַ פֿערד, פֿערשטעהט ניט פֿון דאַנען אַ הער, האָט זיך יונה געהיצט, — איהם וועט קאָסטען די סחורה...

— מען דאַרף איהם פֿערזעצען מיט אַלע משוגעים! איז יחיאל אַריינגעפֿאַלען אין יונה'ס גמרא ניגון.

— דערלעבט זיך נחת! האָט די שוויגער פאַר זיך געברומט.

— גאָר נישט, אבּרייטער פאַן! האָט חייענקע גערעדט אונ געוואָרפֿען צו איהם גיפֿטיגע בליקען.

דראַבקין האָט געחאַפּט דעם מאַנטעל אונ איז ענטלאָפֿען פֿון שטוב. —

---

## VII.

ער איז ענטלאָפֿען צו חאַשקען.

ער איז געוועזען שרעקליך בלייך, אַז חאַשקע און די אלטע האָבען זיך דערשראָקען.

— וואָס איז מיט אייך! האָט חאַשקע אויסגעשריען.

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט... ער האָט זיך אַוואָרף געטהון אויף דאָס הילצערנע זיטץ־בעטעל, אַראָפּ געלאָזען דעם קאָפּ און געשוויגען, ביידע פֿרויען האָבען אויף איהם געקוקט.

— וואָס האָט ביי אייך די צונג אָבגענומען? האָט ענדליך די אַלטע איבערגעריסען דאָס שווייגען.

— וואָס איז ביי אייך געשעהן? רעדט דאָך, האָט חאַשקע געזאָגט.

— וואָס זאָל געשעהן? האָט ער בייז אַרויסגערעדט, — עס איז געשעהן מיין ווייב איז נישט בעסער פֿאַר אַלעמען! זי וואָלט וועלען ז י ך אין גאַנצען און גאָר!

ער האָט געגומען אויסלעגען אַלץ, וואָס עס איז פֿאַר־געקומען אין דער היים.

— אַ חָכְמָה דיין ווייב, אויף מיר אַזאַ יאָהר, האָט די אַלטע געזאָגט, אויסהאָרענדיג.

נוּר ער וויל וויסען, וואָס האַשקע וועט זאָגען.

— נוּ, ווי געפֿעלען אייך די חשבונות? האָט ער זי גע־פֿרעגט און אַיינגעקוקט זיך איהר אין די אויגען.

— איך האָב קיין חשבון ניט געלערנט...

ער האָט געמאַכט איין אונגעדולדיגע בעוועגונג און זי האָט צוגעלעגט:

— נור מיר דאַכט, אַז די חשבונות זעננען ריכטיג.

— און אַז זיי זענען ריכטיג איז וואָס?

ער האָט אָנגעהויבען ווערען בייז.

— וויים איך וואָס? האָט חאַשקע קאַלט געענטפֿערט, —

אַז זיי זענען ריכטיג קאָן אַ פּנים אַנדערש נישט זיין.

— ווי הייסט נישט זיין אַנדערש? זאָל איך אויך טהון, ווי אַלע אַנדערע בעלי־בתים?

— ווער הייסט אייך ווערען אַבעל־הבית?

ער האָט זי נשתּומם'דיג אָנגעקוקט.

— וואָס קוקט איהר, וואָס? אַרבייט, ווי איהר האָט גע־אַרבייט, וואָלט נישט פֿערפֿיהרען מיט פֿאַבריק...

— אָט איז דיר גאָר!

— אַודאי אַזוי!

ער איז אַוועק פֿון חאַשקען מיט רציחה.

— „וואָס איהר קען איינפֿאַלען!"

---

## VIII.

חייענקע האָט געוואוסט, אַז ער איז ענטלאָפֿען צו חאַשקען און, אַז ער איז געקומען אַ היים, האָט זי איהם בעגעגענט מיט די ווערטער:

— נו, וואָס? געוועזען שוין ביי דיין „פּאָליובוי־ניצע", געוועזען?

נור זיין געזיכט איז געווען אַזוי אָנגערוקט און פֿינסטער, אז ביי איהר איז געוואָרען אַ ספק, צו איז ער גאָר געוועזען ביי חאַשקען, און אויב ער איז יאָ געוועזען, האָט ער דאָרטען מסתּמא שלעכט אָבגעשניטען. און אויב אַזוי האָט זי פֿון זיינט וועגען גאָר אַנדערע דבורים!

זי האָט איהם שאַ־ף אָנגעזאָגט, ער זאָל קיין סקאַנדאַלען נישט פֿערפֿיהרען און קיין לייטיש — געלעכטער ניט מאַכען.

— אַ מענשען זאָל גאָר איינפֿאַלען אַזא משוגעת, האָט זי צוגעגעבען, — מען וואָלט דאָך נאָך אַזא נאָכגעלאָפֿען אין די גאַסען. גלאַט, ווער? וואָס? ווען? ווערען פֿריש און פֿראַהלעך און משוגע און האָרעווען אויף די אַרבייטער. וואָס דאַרף איך

יעמאָלט דעם גאַנצען עסק? דאַרף איך דאָך קיין פֿאַבריק ניט פֿערפֿיהרען.

די לעצטע וואָרטער דערמאָנען איהם חאַשקעס עצה. נור — — דאָס איז דאָך אַ נאַררישקייט... זיי ווייסען בּיידע נישט, וואָס זיי רעדען.

און חייענקע האָט ווייטער גערעדט:

— זאָלסט דו מאָרגען זאָגען דיינע אַרבּייטער, אַז ווילען זיי אַרבּייטען, ווי זיי האָבּען געאַרבּייט, טאָ זאָלען זיי זיך שטעלען אַרבּייטען, אַז נישט, טאָ זאָלען זיי געהן געזונדערהייט. דאַרף מען זיי נישט, מען וועט געפֿינען די מציאות!

— איך פֿרעג בּיי דיר נישט, וואָס צו זאָגען זיי, האָט ער קאַלט געענטפֿערט און אויסגעצויגען זיך אויף דער קאַנאַפּע.

חייענקע האָט אויף איהם בּייז אַ קוק געטהון, עס האָט איהר אָטהעם פֿערפֿעהלט. וואָס זאָל זי יעצט טהון? שרייען, וויינען, אָדער געבּען איהם אָדער זיך אין קאָפּ מיט דער שעער, וועלכע זי האַלט אין האַנד? זי האָט אַ שליידער געטהון די שעער אויף דער ערד, איז אויפֿגעשפּרונגען פֿון שטוהל און אָנגעהויבּען אומגעהן איבּער'ן שטוב, זי האָט זיך אַיינגעהאַלטען פֿון שרייען, זי האָט געוואוסט, אַז זי וועט אויספֿיהרען איהר'ס, דאָך ווילט זיך איהר נוקם זיין זיך מיט עפּיס אין איהם, זי וואָלט מיט פֿערגניגען — געשטאָכען איהם מיט נאָדלען...

זי האָט זיך אַריינגעלעגט אין בּעט. אין קאָפּ האָבּען זיך איהר אַרומגעדרעהט אַללערליי געדאַנקען, ווי בּעסער נוקם זיין זיך אָן דעם מאַן. די ערשטע זאַך איז שוין בּיי איהר געבּליעבּען, אָבּליעגען אַזוי די גאַנצע נאַכט נישט איין אויסגעטאָהענע, אין נישט איין אויסגעבּעטענעם בּעט.

און ער איז געלעגען און געחלום'ט. ער האָט גאָר נישט געקאָנט בּעטראַכטען, ער האָט אין זיין פֿאַנטאַזיע גערעדט און געזירעלט זיך מיט דער גאַנצער וועלט. עס זענען איהם אַרויפֿגעקומען אויף'ן זינן אַלטע בּילדער פֿון זיין לעבּען, סצענען אין די ווערקשטאַטען, אין וועלכע ער האָט געאַרבּייט, חאַשקע...

„ניין, אָבּער וואָס, איהר קאָן אַיינפֿאַלען!" עס שטעלט זיך איהם

פֿאַר אַגרויסער, גרויסער ווערקשטאַט מיט אַ סך אַרבייטער און ער איז דער בעל־הבית — און דאָס האַרץ העבט איהם אָן שטאַרקער קלאַפּען. — —

חייענקע האָט שוין לאַנג וועגען גאָר נישט געטראַכט, עס האָט איהר נור נאָך אַביסעל געדריקט דאָס האַרץ די נישט איינגעלאָשענע נקמה. זי איז אַראָב פֿון בעט, אויסגעבעטט עס, האָט זיך אויסגעטהון און צוריק אַריינגעלעגט. זיין בעט האָט זי געלאָזען נישט אויסגעבעטט. אָבער עס האָט איהר אָנגעהעבען פֿערדריסען, וואָס ער ליעגט אַזוי און געהט נישט שלאָפֿען.

— וואָס ברענט די לאָמפּ? נאַפֿט קאָסט בילליג? האָט זי נישט פֿריינדליך געזאָגט.

ער איז געבליעבען אונבעוועגט.

דאָס האָט זי שרעקליך גערייצט. דאָס האַרץ פּלאַצט איהר שיער, עס וויללט זיך איהר ווידער עפּיס טהון איהם, נור זי געפֿינט נישט וואָס. זי דרעהט איבער דעם קאָפּ צו דער וואנד, ליעגט מיט אָפֿענע אויגען און טראַכט, אַז זי וועט איהם טהון „כל הרשעות שבעולם"; וואָס ער וועט וועלען, וועט זי איהם שטענדיג טהון פֿערקעהרט.

און אין אַ ווייל ע אַרום שפּרינגט זי אויף פֿון בעט מיט האַסט, לויפֿט צום צו טיש און פֿערלאָשט די לאָמפּ.

— ליעג אין חשך! האָט זי בייז און שאַרף געשיפּעט, אַריינקריכענדיג צוריק אין בעט.

ער איז געבליעבען אונבעוועגט.

— וואָס אַארט מיך, אַז ער ליעגט אַזוי, האָט זי געטראַכט, — זאָל ער חאָטש אייביג נישט אויפֿשטעהן!

נור עס פֿערדריסט איהר ביז צום טוידט,

זי שפּרינגט אויף, אין דער פֿינסטער העבט זי אָן אויסבעטען זיין בעט. זי טהוט עס מיט כעס, שליידערט דאָס ליילעך, וואַרפֿט די קיסען, רייסט די דעקע.

ער איז געבליעבען אויף דער קאַנאַפּע, אין דער זעלבער פּאָזע, אונבעוועגט. — — — — —

ער איז געלעגען אונ געטראַכט אונ נקמה גענומען, אַהא, ער געהט נישט שלאָפען! ער ווייס, ווי זי פיהלט יעצט, ווי זי איז יעצט אין כעס, זאָל זי וויססען!

ער וועט אַרבייטען, ווי אַ פערד אונ וועט נאָך קיין דעה נישט האָבען אונ וועט נאָך נישט קאָנען טהון, וואָס ער וויל?!... ער איז יעצט דער בעל־הבית אונ זיי מאָגען אללע חאָטש אויפגעלאָפען ווערען...

נור ער ווייס, אַז חייענקע וועט זיך נישט אָבשטעלען פיר די גרעסטע סקאַנדאַלען אונ ער פיהלט, אַז ער וועט גאָר נישט קאָנען אויספיהרען, וועט ער יענסמאָל גאָר צורייסען מיט חייענקען, גט'ן זיך מיט איהר — עס האָט איהם אָנגעהויבען שטאַרק אין די שלעפען צו זעצען אונ אין האַרץ צו קלאַפען — זאָל זי זיך שלאָגען קאָפּ אָן וואַנד מיט איהר געלד, מיט איהר ווערקשטאַט, מיט האַק אונ פאַק! ער וועט חתונה האָבען מיט חאַשקען אונ לעבען, ווי ער פערשטעהט: אַ שטיל, רוהיג אונ עהרליך לעבען, זיי האָבען זיך דאָך אַזוי ליעב! ווי אַזוי איז ער דאָס אַריבערגעפאַלען מיט זיין חתונה? אַ מאָדנע נאַררישקייט!...

אָבער עס ווערד איהם אומעטיג, שווער אויפ'ן האַרצען. — אָרימקייט, צוויי מתים געהען טאַנצען, ווייטער ווערען אַ פועל אונ האָבען צוטהון מיט די בעלי־בתים... ווי פיעל פערדיענט חאַשקע? אַ קלייניגקייט, אונ די אַלטע אַ צו גאָב... אַפילו אַ גוטע אַלטינקע. זי האָט איהם אַזוי ליעב. אָבער דאָך... — ער זיפצט אָב.

ער האָט דאָך שוין אַ היבש קאַפּיטאַל. באַלד אַקיילעכדיגע טויזענד.

ער פיהלט אַ מאָדנע וואַרימקייט אין גאַנצען קערפּער.

אונ אַרבייט האָט ער זעהר אַ סך. ער קען טאַקי אין דער אמת'ן איינפיהרען אַ גרויסע פאַבריק אונ מיט דער צייט — — —

עס פערחאַפּט איהם אַזש דער אָטהעם. ער קאָן טאַקי זעהר ווייט אַוועק, ער קאָן טאַקי אין דער אמת'ן וועלטען איבערקעהרען. ער — מיט אַזא קאַפּיטאַל אונ מיט אַזא נאָמען, וועלכען ער האָט געקראָגען, אונ מיט חייענקען. זי איז אַ גרויסע

בריה, אַ בריה נפלאה, זי אַרבייט, ווי דער שטאַרקסטער מאַנסביל.

און זי איז טאַקי אַ שאָן־ווייביל. טאַקי גאָר אַ שאָנס, שאָנער אַלס מאָדיל־ווייס. אַ סך שאָנער פֿיר חאַשקען. עס דאַכט זיך איהם, אַז ער האָט בעלעדיגט חאַשקען און פֿערשאַמט זיך, נור דער מיעדער מאַרך טראַכט ווייטער:

חייענקע האָט איהם אויך זעהר ליעב, אָבער שטאַרק ליעב, זי האָט איהם דאָך פֿאָרט אויסגעבעט דאָס בעט. האַ האַ האַ! — — —

און אין דער אמת'ן זענען זיי דאָך אַלע גערעכט: „דו, יונגעל, דו, אַרבייט געלד וועט דיר קאָסטען כמעט אין צווייען ווי איין אַנדער'ן, אויסאַרבייטען אין טאָג וועלען זיי אין צווייען וועניגער, ווי ביי איין אַנדערען! נו, קאָפּ!... וועט דאָך דיין סחורה קאָסטען אין פֿיערען טהייערער"... האָבען איהם געקלונגען אין קאָפּ דעם פֿעטער'ס יונה'ס וואָרטער מיט דעם ניגון פֿון גמרא, נור ער בעגרייפֿט עפּיס נישט דעם חשבון, פֿאַר וואָס וועט זיין סחורה זיין טהייערער אין פֿיערען, נישט אין צווייען?

„נור מיר דוכט, אַז די חשבונות זענען ריכטיג", קלינגען איהם אין קאָפּ חאשקעס וואָרטער.

ער וועט פּרובען אַליין איבעררעכנען! ער שטרענגט אָן דעם מח: שכירות װעלען זיי בעקומען... נו, נישט אין צווייען, אַזאַ נאַר איז ער נישט, חאָטש ער האָט קיין חשבון נישט געלערנט. ער גיט זיי נור מיט עפּיס טהייערער. נו, און אויס־אַרבייטען וועלען זיי — פֿאַר וואָס עפּיס אין צווייען וועניגער? וואו אין צווייען וועניגער!... וועניגער נאַטירליך, אָבער נישט אין צווייען — „נו, קאָפּ, וועט דאָך דיין סחורה"... האָרט ער ווידער דעם פֿאָטער יונה'ס וואָרטער. איז אין וויפֿיעל טייערער וועט איהם קאָסטען זיין סחורה? ער וויל עס וויסען און קנייטשט אָן די שטערן. „כבקרת רועה עדרו... כבקרת רועה עדרו"... דערמאָנט זיך איהם אַ שטיקעל חזנות, נור ער טרייבט עס אַוועק און טראַכט ווייטער דעם חשבון, אָבער זיין שלאָפֿריגער קאָפּ איז שוין צוגעשטאַנען — ער קען נישט אויסרעכענען.

„... אַז די חשבונות זענען ריכטיג"... פֿליהט איהם

דורך אין קאָפּ אַ שטיקעל פון חאַשקעס אָנטפּער.

ער העבט שוין אָן איינשלאָפען, דאָך טרייבט ער פון זיך דעם שלאָף, ווייל ער וויל בעקלאָרען.

איז וואָס זאָל ער מאַכען? די חשבונות זענען ריכטיג. „ווער הייסט אייך ווערען אַ בעל־הבית״?...! זי איז אַ גרויסער נאַרר, די חאַשקע... אַ מאָל זאָגט זי אַ גרויסע נארישקייט, פערבעסערט ער זיך. ער האָט זיך גלאַט אַ ביסעל צו געאיילט מיט די אַרבייטער, ער האָט אַ פריהער געדאַרפט איבער־רעכענען, קיין קאָנטראַקט האָט ער דאָך מיט זיי נישט געמאַכט, האָט ער אַ טעות געהאַט, נור דער פאַר וועט זיי זיין ביי איהם גוט! ער וועט זיי קיינמאָל קיין קרום־וואָרט נישט זאָגען! — — —

נו, יעצט וועט ער שלאָפען, דאָס איבעריגע וועט ער מאָרגען דערקלאָרען, ער וועט זיך אויסטהון אונ געהן אין בעט, אונ פאַרביי געהענדיג זאָל ער שוין טאַקי שלום מאַכען מיט חייענקען? ער וואָלט יעצט צו איהר צו געהן, אַרומנעהמען זי אונ אַ קוש טהון, זעהר אַ שאָן ווייבעל, אונ אַ גרויסע בריה, אַ פייערדיגע אשת־חיל. עס ציהט איהם עפּיס שטאַרק צו איהר... נור ער שטאַרקט זיך, ער ווייס נאָך נישט, וואָס ער וועט מאָרגען טהון, אונ גלאַט פיהלט ער, אַז ער דאַרף זיך נאָך נישט אונטער געבען...

נור עס ווערט איהם שטאַרק אומעטיג, ער בייגקט נאָך חייענקען. ער וויל זי רופען ביי׳ם נאָמען, ער וויל געהן צו איהר... אונ ווערד איינגעשלאָפען אויפ׳ן קאַנאַפּע מיט׳ן געדאַנק, אַז די אַרבייטער וועט ביי איהם זיין זעהר גוט. — — —

# IX.

— אָ, ער האָט מיר אָבגעטהון! ער איז אָבגעלעגען די נאַכט אויף דער קאַנאַפּע... מאָגסט פֿון מיינט וועגען אייביג ליעגען!...

דאָס זענען געװעזען די ערשטע װאָרטער חײענקעס, װען זי האָט אין דער פֿריה אויפגעעפֿענט די אויגען און דערזעהן דעם מאַן אויף דער קאַנאַפּע.

דראַבקין האָט געװאָלט ענטפֿער'ן מיט ליעבליכע װאָרטער, עס האָט זיך איהם געװאָלט אַ שפּיעל טהון מיט איהר. עס האָט איהם אַלץ אַזױ געצויגען צו חײענקען, נור ער האָט נאָך געװאָלט ברוגז זיין, ער האָט זיך דאָך נאָך נישט געקאָנט אָב זאָגען פֿון דעם געדאַנק, אַז בײ איהם װעלען גאָר זיין אַנדערע פונקטען מיט די אַרבײטער. ער האָט אויף חײענקעס װאָרטער גאָר נישט געענטפֿערט און אָנגעבלאָזען זיך.

ער פֿיהלט, אַז ער װעט ניט קאָנען משנה זיין מיט די אַרבײטער, װאָס װעלען קומען, עס בלייבט בײ איהם אַװעק געהן פֿון שטוב, ער זאָל נישט זיין, װען זיי װעלען קומען, זאָל חײענקע טהון װאָס זי װיל, ער װעט זיין ריין, עס װערט איהם אַזױ אומאַנגענעהם פֿון דעם, װאָס עס װעט ניט זיין, װי ער װיל, עס בעװײזט זיך ערגיץ אין קאָפּ דער געדאַנק, אַז ער דאַרף װאַרפֿען „הכל באשר לכל". נור דער געדאַנק האָט קיין ממשות נישט. דראַבקין מאַכט זיך, װי ער בעמערקט גאָר נישט דעם געדאַנק. ער האַלט עס פֿאַר קליגער נישט זיין אין דער היים. ער האָט זיך אויף גיך אָנגעטהון און איז אַװעק.

— װאוהין געהסט דו?

— װאוּאַהין איך דאַרף!

נור חײענקע האָט זיך נישט בעלעדיגט. זי האָט פֿער־שטאַנען זיין המצאָה און געפֿרעהט זיך.

— אַ האַ, מיניסטער מײנער! האָט זי אויסגערעדט מיט

נצחון און געמאַכט נאָך איהם מיט'ן קאָפּ, ווען ער האָט צו-
געמאַכט די טהיר הינטער זיך.

אין גיכען זענען געקומען די אַרבייטער איינער נאָך דעם אַנדער'ן. חייענקע האָט זיי בעגעגענט אַ ביסעל „האַלבזייטיג". נישט געקוקט אויף זיי, געמאַכט זיך זוכענדיג עפּיס.

— וואו איז דראַבקין?

— אַוועק געגאַנגען! האָט זי געענטפערט אונטער'ן נאָז, — וואָס איז?

— מיר זענען געקומען אַרבייטען, ער האָט אונז בע-שטעלט, ער האָט אַיך דען גאָר נישט דערצעהלט?

— אַרבייטען זענט איהר געקומען? האָט זי אַ ביסעל ערהאָכערט דעם קול מיט גיפט און מיט אַמאָל אויסגעשאָסען איהר גאַנצען כעס. — שאָנע מענשען זייט איהר, נישטא וואָס צו רעדען! האָבען געפונען אַ נאַר און... און גאָר נישט. אַ נאַרר האָבען זיי געפונען. איהר האָט זיך דאָך גאָר אַליין גערדאַרפט שאָמען אויסרעדען זיך אַ זעלכע פונקטען. דאָס איז דאָך אַ „גזלאַוואָיע! וואָס, מיר זענען עפּיס די גרויסע גבירים? עס שיטען זיך ביי אונז די רובעל'ס? פון וואַנען זאָלען מיר נעמען צולעגען צו אַיך? — זי האָט שוין כמעט געשריען. — געפינען אַ נאַר און פערדרעהט איהם אַ קאָפּ! ביי איהם איז דאָך אַלץ רעכט, מען זאָגט איהם אַזוי — זאָל זיין אַזוי; אַז עס וואָלט געקומען נאָך איינער און זאָגען איהם, ער זאָל אַלץ אַוועק שענקען, וואָלט ער אַלץ אַוועק שענקען, ער קוקט עפּיס? איהם אַרט עפּיס! אַ נאַרישקייט וואָס איהר האָט נישט געבעטען כפל כפלים פאַר דאָס, וואָס איהר וועט זיטצען און קוקען אויף איהם!... פּע, אויף מיין וואָרט!...

— וואָס האָט איהר זיך דאָ אַזוי צושריען? האָט איין אַרבייטער געזאָגט מיט איין איראָנישען שמייכעל. — איהר ווילט נישט דאַרף מען נישט! מיר זענען אָהן אַרבייט נישט אַרומגעגאַנגען און וועלען נישט אַרומגעהן. מיר האָבען זיך איהם נישט אָננעשלאָגען אויך. ער האָט אונז געבעטען...

— איז וואָס? דאַרף מען אַזוי שינדען די הויט? האָט

חייענקע בעלערינט געזאָגט. — איהר האָט דאָ אָנגעטראָפען...?

— אַז מען גיט פאַר וואָס זאָל מען ניט נעהמען?

—דאָס איז דאָך די מעשה, וואָס איהר האָט אָנגעטראָפען אויף אַ נאַר. נור איך האָב נאָך אויך דאַנק גאָט אַ שטיקעל דעה. וויללט איהר ארבייטען, ווי אומעדום, מאָגט איהר זיך שוין שטעלען אַרבייטען. אַז נישט, איז ווי איהר ווילט אייך — איך וועל קריגען אַרבייטער.

— מיר ווייסען גאָר נישט — האָבען זיך די אַרבייטער גע'עקשנ'ט. — דראַבקין האָט אונז געהייסען קומען אַרבייטען.

— אָט דער פאַר, אָ, וועל איך אַייך אפילו אומזיסט נישט נעמען, — האָט חייענקע געוואָרפען זיך מיט כעס. — זאָל אַייך דראַבקין נעמען! דאָ בין איך די בעל־הביתטע.

די אַרבייטער האָבען אַ ווײלע געקוקט אויף איהר מיט פעראַכטונג, מיט אַ שמייכעל אויף די ליפען אונ געווענדעט זיך צו דער טיהר.

— אוי, קינדער! האָט איינער לוסטיג אָבגעקרעכצט — וואָס אַרט אייך, דראַבקינ'ען איז נאָך ערגער ביי דער נייער בעל־הבית'טע, ווי אונז ביי די אַלטע בעלי־בתּים.

חייענקע האָט נור אַ וואָרף געטהון אַ גיפטיגען בליק אונ אָבגעשוויגען.

— — — נישט ווייט אָבגעהענדיג אין גאַס, האָבען זיי דערזעהן דראַבקינען. נור ער האָט זיי אויך דערזעהן, ער איז רויט געוואָרען; אין האַרצען האָט זיך איהם אַ ריס געטהון, ער איז אויף גיך פערשוואונדען געוואָרען הינטער אַ טויער.

— ער האָט זיך אָבגעטראָגען, דער חברה־מאַנן!

— איהר ווייסט, מען דאַרף איהם דאָ אויפוואַרטען אונ אָנגרייבען איהם אַ נאָז.

דאָס איז געפאַלען געוואָרען. אַפאָר אַרבייטער זענען אַריין אין הויף אונ צוויי זענען געבליבען נעבען טויער. אונ דראַבקין האָט דאָס אַלץ צו געזעהן אונ געמוזט זיך בעהאַלטען אין איין אָרט, וואו שלעכטע ריחות האָבען איהם דעם אָטהעם פערהאַפט... אונ ער איז געשטאַנען אונ די

אַרבייטער האָבען זיך פון אָרט נישט געריהרט.

אונ וואָס האָט ער אֵייגענטליך צו בּעהאַלטען זיך? האָט ער געטראַכט. ער האָט עפּיס זייערס פערנומען? ער האָט זיי אָבגעפיהרט? פון אַ שטעלע אָבגערעדט? ער קען זיי אפילו בּעצאָהלען פאַר דעם טאָג, אויב זיי ווילען.

אונ ער איז געשטאַנען, ווי אַ צוגעשמידטער... אַ מאָדנע שטאַרק-געפיהל פון בושה האָט איהם געהאַלטען. שטעהענדיג אין דעם געשאַנק בּעהאַלטענערהייט, האָט ער געפיהלט, אַז ער טרעט אַרויף אויף אַ נייען וועג, אַז ער ווערט גאָר אַ נייער דראַבּקין. ער האָט זיך אַליין קיין רעכנונג נישט געקאָנט אָבּ-געבען, וואָס ער ווערט, וואָס עס קומט פאָר אין זיין חאַראַקטער, אין זיין גאַנצען וועזען. עטליכע מאָל איז איהם אַרויפגעשוואומען אין קאָפּ האַשקע, מיט חייענקען הינטער זיך, עס האָבען איהם דורכגעקלונגען אין קאָפּ שטיקלעך פון זיינע אַלטע דבורים, נור אַלץ עפּיס, ווי אַלטע געזיכטער, אַלטע קלאָנג, זאַכען פון אַ מאָל...

אונ ער איז געשטאַנען, ווי אַ צוגעשמיערטער.

נור עס מוז דאָך נעמען אַ סוף. ער האָט זיך בּעשלאָסען אַרויס געהן פון זיין בּעהאַלטענעם אָרט. מיט אַ הוסט האָט ער אויפגעעפענט די טיהר, מיט איין ערנסטען געזיכט אָנגעהויבען צו פערשפּילען דאָס רעקעל, מיט אַ מיענע פון זעהר אַ פערטראָגענעם אונ פערנומענעם. דאָס היטעל אפילו איז אַ ביסעל געווען פער-דרעהט. איהם האָט זיך געדאַכט, אַז אויב ער וועט אויף זיי נישט קוקען, וועט זיך איהם אפשר איינגעבען דורכגעהן נישט בּעמערקטער-הייט, יעדענפאַלס זאָלען זיי מיינען, אַז ער איז שטאַרק פערטראָגען. די אַרבּייטער זענען איהם געגאַנגען ענטקעגען, ער האָט גראָד אויפגעהייבען די אויגען אונ בּעגעגענט זיך מיט זייערע בּליקען. אַ זיכער שמייכעל האָט זיך בּעוויזען אויף זיינע ליפּען — ער האָט זיך געמאַכט, ווי ער דערזעהט זיי ערשט.

— וואָס עפּיס אַזוי לאַנג געזעסען?...

— וואו?... ווען?... האַ, דאָרטען?... אַזוי... דער מאָגען...

— דער מאָגען! לאָבוז דו, מיר פֿערשטעהען דיינע שטיק, בעהאַלטען זיך.

— בעהאַלטען זיך?... וואָס איז?... פֿון וועמען! פֿון וועמען דאַרף איך מיך בעהאַלטען? פֿאַר וועמען האָב איך וואָס מורא צו האָבען? האָט ער געגעבען אָנצוהערען.

— זאָג, וואָס האָבען מיר נאַכטען אָבגערעדט? האָט שוין איין אַרבייטער געזאָגט מיט האַרץ.

— יאָ, איך האָב טאַקי מיט אייך געוואָלט רעדען וועגען דעם, — האָט ער אָנגעהויבען פֿריינדליך, — איך מוז בלייבען אַ ליגנער, דאָס ווייב איז אויף מיר נאַכטען אָנגעפֿאַלען אונ דאָס ווייב׳ס „סאַפּאָחע"... אונ ע... איך האָב געהאַט אַ טאָג... א... ער האָט געדריקט מיט די אַקסלען אונ געמאַכט מיט די האַנד, געבענדיג צו פֿערשטעהן וואָס פאַר אַ טאָג ער האָט געהאַט. מען האָט מיך געמאַכט פֿיר אַ משוגענעם, וואָלט איהר האָרען! מיט איין וואָרט, גאָספּאָדאַ, איך מוז חרטה האָבען.

אונ ער האָט זיי נאָך אַ מאָל איבערגעחזר׳ט, וואָס פֿאַר אַ טאָג ער האָט געהאַט. ער האָט גערעדט פֿריינדליך אונ ווי פֿערדראָססיג. ער האָט דאָך נישט געוואָלט אָנווערען די ווערטה אין די אויגען פֿון זיינע אַמאָליגע חברים, אונ דער עיקר האָט ער מורא געהאַט פֿיר זייער וויטץ, פֿיר זייערע שטאָכוואָרטער. — די אַרבייטער האָבען געקוקט אויף איהם מיט פֿעראַכטונג, נישט גלויבענדיג איהם אַוואָרט. ער האָט זיך נישט אָבגעראַטעוועט פֿון שטאָכוואָרטער.

— עקספּלאָאַטאַטאָרעם! בלוטזויגער... דראַבקין, נו! לאָבוז דו! א רוח... עקספּלאָאַטאַטאָרעם, בלוטזייגער, בייטעל־שניידער... האָבען איהם די אַרבייטער גערעדט ביי׳ם פֿערנאַנדער געהן זיך.

דאָס האָט איהם טאַקי געשטאָכען, די וואָרטער געהערען איהם, ער קען אויף זיי גאָר נישט ענטווער׳ן, ער פֿיהלט, אַז ער אַליין איז נאָך נישט קיין עקספּלאָאַטאַטאָר אונ בלוטזייגער, אָבער ער קען גלאַט יעצט די וואָרטער נישט אַרויפֿבריינגען

אויף דער צונג. אונ עפּיס פֿערדריסט איהם אַזוי שטאַרק, אונ ער וויל אַלץ פֿערשטעהען, בעגרייפֿען וואָס מיט איהם איז: דאַכט זיך דער זעלביגער מענש וואָס נעכטען אונ עהערנעכטען אונ פֿאָרט ניט דער זעלבער. די אַלטע צייט, ווי מיט אַ וואָלקען פֿערצויגען, עפּיס לאַנג, לאַנג געוועזען, אונ פֿאַר דער נייער קומענדיגער צייט שעמט ער זיך — — נור אונטער בוזים דער־פֿיהלט ער אַ וואַרמקייט — אונ ווי ער האָט דערפֿיהלט די וואַרמקייט, האָט ער פֿערגעסען אויף אַלץ: אויף אַלע צייטען, אויף די אַרבייטער, אויף די שטעכוואָרטער אונ אויף אַללע בייזע אונ אונרוהיגע געדאַנקען.

---

X.

ער איז געקומען אַ היים אַ פֿריילּיכער, ער האָט זיך געמאַכט אפילו אונשולדיג אין דעם, וואָס מען האָט אָבגעזאָגט די אַרבייטער -- דאָס הייסט נאָך איהם וואָלטען זיי געמאָגט אַרבייטען, ווי ער אַליין האָט געוואָלט, נור חייענקע, איהר „סאַפּאָבּע"... ער איז נישט שולדיג -- — — דאָך האָט ער געפֿיהלט צו חייענקען אַזא פֿריינדשאַפֿט, וועלכע ער האָט ניט געפֿיהלט די גאַנצע צייט, פֿאַר אונ נאָך דער חתונה.

— משלח געוועזען דיינע אַרבייטער, האָט איהם חייענקע בעגעגענט, שטעלענדיג דעם סאַמאָוואַר. — איצטער איז אויס! איצטער וועסט דו ביי מיר קיין פריץ נישט זיין, איצטער וועל איך שוין דינגען אַרבייטער!

דינג דו! האָט ער שוואַך געענטפֿערט, נור ער איז געוועזען צופֿריעדען פֿון דעם, וואָס ער וועט זיך נישט דאַרפֿען דינגען מיט די נייע אַרבייטער, וואָס זיין געוויסען וועט ווייטער בלייבען ריין, — נור זיין צופֿריעדענהייט האָט ער נישט אַרויסגעוויזען.

— מיניסטער מיינער! האָט חייענקע אויסגערעדט מיט

גיפט און שפּאָט, אַריינקוקענדיג אין קוימען פון סאַמאָוואַר.

ער האָט נישט אָבגעענטפערט און גענומען זיך צו דער אַרבייט. —

פון דער אַרבייט האָט ער געוואָרפען בליקען אויף חייענקן, וועלכע האָט זיך בעשעפטיגט מיט שטוביגע זאַכען, זי איז געוועזען אין כעס און נישט געקוקט אין זיין זייט, ער האָט זיך אויך געמאַכט נישט קוקענדיג אויף איהר.

„אַ שיינע איז חייענקע — — אַ שאָן וויבעל", טראַכט ער, און גנב'ט אויף איהר אַ בליק. „אַ פיינע געשטאַלט — סאַר' אַ ברוסט"... ער חאַפּט זיך, אַז ער האָט גאָר קיינמאָל נישט אָפּגעגעבען קיין חשבון, וואָס מיט איהם איז, עפּיס ציהט איהם צו חייענקען, אָט וואָלט ער יעצט געוואָרפען די אַרבייט און צו איהר צו געלאָפען... ער קען זיך נישט פאָרשטעלען, וואָס דאָס איז, ער וואָלט זי אַ קוש געטהון, ער וואָלט עס זיכער געטהון, ווען ער וואָלט יעצט צו איהר געלאָפען, ער שעמט זיך פאַר דאָס געפיהל; ער ווייס גאָר ניט, ווי קומט עס צו איהם, נור עס ציהט איהם — — אין גיכען וואַרפט ער די אַרבייט און שטעהט אויף פון אָרט, ער שעמט זיך פאַר דעם געדאַנק, וואָס האָט איהם אויפגעהויבען פון אָרט און העבט אָן צו זוכען עפּיס אויפ'ן טיש, אין שטיב און דרעהט זיך אַזוי אום צו חייענקען.

— וואָס האָרט זיך מיט'ן סאַמאָוואַר? פראָגט ער אָנ־גערוקט, וועלענדיג גאָר אַנדערע און פראָהליכערע דבורים פיהרען.

— טאַפּ איהם, וועסט דו וויסען, ענטפערט חייענקע בייז, ווישענדיג די גלאָזער.

— טאַפּ איהם, וועסט דו וויסען! קרימט ער זי איבער גוט הערציג און שמייכעלט אונטער, אַרויפלעגענדיג אַ האַנד אויפ'ן סאַמאָוואַר. ער ווייסט נישט, וואָס זאָל ער איהר זאָגען, עפּיס אַ זוינס, וואָס זאָל זי שלום מאַכען.

— ווענמען קלעהרסט דו נעמען צו דער ארבייט?

— וועסט אַ סימן האָבען!

זי פיהלט, אַז ער זוכט איהר התקרבות אונ אַז עס איז יעצט איהר צייט נוקם זיין זיך אין איהם פאַר דאָס נאָכטיגע. „ער וועט שוין ליעגען ביי איהרע פיס!

— וועקט אַ סימן האָבען! מישט ער זי ווייטער איבער מיט אַ שמייכעל, — אָבער עס העבט איהם שוין אָן צו פאַר־דריסען איהר טאָן.

„אונ פאַר וואָס טאַקי נישט רעכט גוט בייז ווערען, אויסזידלען זי, קלאַפּען אָן טיש, בעווייזען, אַז ער איז דער בעל־הבית אין שטוב?״

ער דריקט צו נויף די ציין, מאַכט איין כעס׳דיגע מינע אונ געהט צוריק צו זיין אַרבייט.

אָבער זי ווערט נישט נתפעל. זי ווייס זיכער, אַז זי האָט די אויבער האַנד — אונ זאָל ער נור אָנהייבען אַ ביסעל צו קאָמאַנדעווען, וועט זי איהם אַוועק געבען אַ גאָב, אַז ער וועט נישט וויסען פון וואַנען דאָס איז איהם געקומען!

אונ ער זיצט אונ אַרבייט אונ פיהלט, אַז ער איז גאָר אויף חייענקען נישט אין כעס, אַז ער מאַכט נור אַ בייזע מינע אום אָנצושרעקען זי, כדי זי זאָל ווייכער ווערען. ער גנב׳ט בליקען אויף חייענקען אונ ווייס, אַז ער ליעבט זי, אַז שפּאָטער אַ ווייל״ע וועט ער זי האַלטען אין זיינע האָנד, אויף זיין שויס אונ וועט זי האַלזען, קושען, דריקען, אונ עס ווערד איהם אַזוי וואַרם אונ ווייך ביי׳ם האַרצען אונ ער אַרבייט מיט חשק, אַרבייט אונ אַרבייט אונ גנב׳ט בליקען אויף חייענקען — —

— געה טרינקען טהעע! האָט חייענקע געקאָמאַנדירט מיט אַ באָזען טאָן.

ער איז געבליעבען זיצען, דאָס האָט געזאָלט בעדייטען, אַז ער איז כעס אונ וויל זי מיט איהר טהיי נישט קאָנען.

— געהסט צי נישט? אַז נישט גיעס איך אַריין דיין טהע אין פּאָמוניציע אַריין!

ער האָט לאַנגזאַם אַוועקגעלעגט די אַרבייט אונ איז אויפ־געשטאַנען מיט אַ שמייכעל, דאָס האָט געזאָלט בעדייטען, אַז ער איז גאָר נישט ברוגז אונ נישט געוואָלט מיט איהר שפּילען

איין צו להכעים, נור ער איז געוועזען פערנומען און נישט געקאָנט אַוועק לעגען די אַרבייט, ער האָט געהויבען די האַנד אין דער הויך, געצויגען זיך, געגעניצט און געשמייכעלט.

— אָבער ביזט דו אַ בעל-כעסן! האָט ער געזאָגט און געלאַכט.

ער האָט עס געמיינט ערנסט. ער האָט געוואָלט זי זאָל אויפהערען אין כעס זיין, זי זאָל גוט ווערען און לאַסטשען זיך צו איהם, ווי שטענדיג.

ער איז צו געגאַנגען צום טיש און אַ קניפּ געטהון זי אין באַק.

זי האָט אָבגעשטויסען זיין האַנד:

— אַוועק!

— פיש, פיש, פיש, וואָס פאַר אַ בייזע פריצה! — ער האָט זיך צוגעזעצט נעבען איהר, און ארומגענומען זי.

— אַוועק בעסער מיט גוטען! — זי האָט זיך געריסען פון איהם.

ער האָט זי צוגעדריקט צו זיך, צוגעבויגט צו זיך איהר קאָפּ און גענומען קוססען, פערשטיקענדיג מיט זיין מויל איהר געשרעה, זי האָט אָנגעחאַפּט דאָס גלאָז מיט הייסען טהיי, אָבער ער האָט עס אַרויסגעחאַפּט, זי האָט זיך פון איהם קוים אַרויס געריסען.

— איך וועל דיר געבען מיט עפּעס אין קאָפּ! האָט זי געשריען, אויפשפּרינגענדיג, ער האָט געלאַכט מיט אַ מאוסען תאוה'דיגען געלעכטער. — —

דער שאָטען פון זיין מאוסען תאוה'דיגען געלעכטער איז נאָך געלעגען אויף זיינע ליפּען, ווען ער איז צוריק געגאַנגען צו זיין אַרבייט. ער האָט נאָך געשפּירט דו קוססען אויף זיינע ליפּען און געפיהלט זיך אָנגעזעטיגט, געשטילט דאָס האַרץ. ער האָט פרייהליך אָנגעהויבען צו אַרבייטען און געוואוסט, אז סוף כל סוף נאָך אַ טאָג און נאָך אַ טאָג און חייענקע וועט זיך איבערבעטען. ער האָט פערגעסען די גאַנצע וועלט.

## XI.

פֿאַר נאַכֿט זענען געקומען חאַשקע מיט דער אַלטינקער. זיי האָבען געוואָלט זעהן וואָס טהוט זיך, ביי וואָס איז עס געבליעבען.

— אַ, חאַשקע, דינה! האָט דראַבקין אויסגערופֿען מיט אַ געמאַכֿטער שמחה, ער האָט גאָר נישט געוואָלט, חאַשקע זאָל קומען, זי האָט איהם דערמאַנט דאָס אַלטע, וועגען וואָס ער האָט שוין מעהר ניט געוואָלט טראַכֿטען, אויך דערמאָנט זי איהם זיין יעצטיגע אונטערטהאָניגקייט. ער האָט זיך געשאָמט און איז געבליעבען זיטצען ביי זיין אַרבייט.

ביי חייענקען זענען זיי אָבער געוועזען גוטע גאָסט. זי האָט געוואָלט אַרוים ווייזען פֿאַר זיי, ווי זי איז די בעל־הבית׳טע און ווי ער ליעגט ביי איהר אונטער די פֿים און זאָל טאַקי זיין „פּאָליובאָניצע״ זעהן, ווי ער ליעבט זי, ווי ער קריכֿט צו איהר, און זאָל זי פּלאַצען.

— נו, וואָס הערט זיך ביי אַייך? האָט די אַלטינקע געפֿראָגט.

חאַשקע האָט ניט געוואָלט פֿראָגען. זי האָט שוין אַללעם געוואוסט און דערפֿיהלט זיך פֿאַר איבעריג אין דראַבקינ׳ס שטוב.

וואָס זאָל זיך הערען! האָט חייענקע געאָנטפֿערט מיט נצחון, — נישקשה, ער איז בעסער געוואָרען, מיין חכם, מיין געראָטענע סחורה. אָהאָ, היינט, דאַכֿט זיך, וואָלט ער וועלען...

זי האָט נישט דער זאָגט, וואָס ער וואָלט וועלען, נור אַ מאַך געטהון דערביי מיט׳ן קאָפּ אויף איהם מיט אַזא בליק און מיט אַזא מינע, וועלכֿע האָבען גערעדט בעסער פֿאַר אָלע וואָרטער.

ער האָט נישט אויפֿגעהויבען דעם קאָפּ, און נעמאַכֿט זיך

פערטיעפט אין זיין ארבייט. חאשקע איז פאר איהם רויט געוואָרען, עס איז איהר געוואָרען ענג אין שטוב. ענטלויפען, ענטלויפען — — זי איז געזעסען, ווי אויף הייסע קוילען.

נור די אלטינקע האָט זיך אריין געלאָזען אין א שמועס.

— איך האָב איהם גלייך געזאָגט, אז אויף מיר אזא יאָהר וואָס פאר א חכמה איהר זייט און מיין חאשקע האָט איהם אויך געזאָגט, אז עס קאָן אנדערש ניט זיין, אז ער איז א נאַרר, ווען ער וויל אנדערש.

דראבקין האָט געוואָלט אויפהויבען דעם קאָפּ ביי די וואָרטער, „חאשקע האָט דאָך אליין געזאָגט, אז עס קאָן אנדערש ניט זיין", — אָבער גלייך האָט ער זיך דערמאָנט, וואָס זי האָט ווייטער געזאָגט, און זיך ווידער פערשעמט און געבליעבען זיצען מיט איין אראָפּגעלאָזענעם קאָפּ, אָהן לשון.

חייענקע האָט אָנגעהויבען דערצעהלען, ווי זי האָט „מנצח געוועזען" די ארבייטער, ווי ער האָט זיך גאנץ פריה אָבגע־טראָגען פון שטוב — „כלומרש׳ט זיין הארץ פערטראָגט עס ניט". — —

— און יעצט — האָט זי אויסגעפיהרט — וועל איך שוין אליין דינגען ארבייטער און וועל מיט זיי אָבמאַכען, ווי איך ווילל.

זי האָט א קוק געטהון מיט נצחון אויף חאשקען, דראבקין האָט געשוויגען.

— קום, מאמע, א היים! האָט חאשקע געזאָגט, אויפ־העבענדיג זיך פון אָרט.

— וואָס איילט איהר? האָט דראבקין געפראָגט און גערייגט.

חאשקע וואָלט מיט פערגעניגען א שפיי געטהון איהם אין געזיכט, די אלטע האָט געענטפערט, אז זייער שכן וועט קומען און די טיהר איז צו געשלאָסען.

זיי זענען אוועק.

דראבקין האָט געפיהלט, אז חאשקע איז ביי איהם געווען דאָס לעצטע מאָל און עס איז איהם געווען א ביסעל און־

אַנגענעהם. אָבער דאָס ביסעל אונאַנגענעהמליכקייט איז באַלד פערלאָרען אונ פערשוואונדען געוואָרען אין דער גרויסער צו־פריעדענהייט, וואָס האָט איהם בעהערשט. ער האָט זיך דער־פיהלט פרייער, זעלבסטשטאָנדיגער; אַ יאָך איז איהם אַראָב; עס וועט ניט זיין, ווער עס זאָל איהם שטעלען אין די אויגען מיט די אַ מאָליגע יאָהרען אונ די אַ מאָליגע רעד.

אַוועק, אַלץ אַוועק.

יעצט ערשט וועט ער אַרבייטען. אונ עהרליך וועט ער אַרבייטען. גאָטט העלפט איהם ער זאָל ווערען אַ מענש מיט מענשען צו גלייך, טאָ פאַר וואָס זאָל ער דאָס נישט טהון! אונ גאַטירליך וועט ער נישט זיין, ווי די הינד, זיינע בעלי־בתים. ער וועט וויסען, אַז איין אַרבייטער איז אויך אַ מענש, וועט זיך מיט זיי אַנדערש בעגעהן אונ בענעמען, זיי וועלען ביי איהם זיין, ווי אייגענע מענשען, ווי ברידער. חאַשקע איז טאַקי אַ נאַרר — — —

— האָבט געזעהן וואָס פאַר איין צעקאָכטע דיין חאַשקע איז אַוועק געגאַנגען? האָט איהם חייענקע איבער געריסען די געדאַנקען.

— וואָס זאָגסט דו עפּיס אַלץ „דיין" חאַשקע? האָט ער געזאָגט מיט אַ שמייכעל.

— איך וויים, דו לויפסט דאָך אַלץ צו איהר.

— פאָי! קומם בעסער, זעץ דיך ביי מיר אָט דאָ אָ! —

ער האָט זיך אַ פאַטש געטהון אין קניע אונ אויסגעצויגען נאָך איהר די האַנד. —

— — —

שווער איז געוועזען חאַשקען אויפ'ן האַרצען, אַזוי שווער, אַז זי וואָלט זיך צו־וויינט. עס האָט איהר צוגייפגעדריקט דער האַלז, זי איז געגאַנגען שנעל, אַז די אַלטע איז נאָך איהר קוים געלאָפען.

— ווערסט זעהן מיינע וואָרטער, האָט די אַלטע געדעדט נאָכלויפענדיג, אין אַ פּאָאָר יאָהר אַרום איז דראַבקין איין עושר פון עטליכע טויזענד רובעל. זי איז אַ קאָפּ־מענש! וואָלסט ד

חאָטש געווען א האַלב פֿון יאָהר, אָח, וואָלט איך שוין פֿון דיר קיין דאגות נישט האָבען. אָח, אָח, אָח...

דאָס האָט אין איהר גערעדט דער פֿערדראָס, וואָס עס איז גאָר גישט געוואָרען צווישען דער טאָכטער אונ דראַבקינען.

— וואָס ווילסט דו, מאַמע, אַז דו זאָלסט אויפֿהערען צו רעדען? האָט חאַשקע געזאָגט מיט אַ ציטערדיגען קול, אוים־דרעהענדיג איהר בלייב־געזיכט צו דער מוטער.

די אַלטינקע האָט זיך דערשראָקען פֿאַר דעם ציטערדיגען טאָן אונ פֿאַר דאָס בלייכע געזיכט. זי האָט אַ מאַך געטהון מיט'ן האַנד אונ געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— ניין, מען טאָר שוין אַ וואָרט נישט זאָגען! האָט זי אָבגעזיפֿצט. זי האָט שוין מעהר נישט גערעדט.

חאשקען איז געווען, ווי זי וואָלט זיך אומגעקערט פֿון אַ בית־עולם, וואו זי האָט בעגראָבען איהר טהייערסטען נפש.

— דראַבקין, דראַבקין!... אָט דאָס איז איהר דראַבקין!..

אָח, אונ ביז היינטיגען טאָג האָט זי נאָך אַלץ געחלומ'ט אונ געפֿאַנטאַזירט! וויינען, וויינען — — —

אונ אין יענער נאַכט האָט זי געזעהן א חלום. ניין, נישט קיין חלום, ווייל זי האָט גאָר נישט געקאָנט אַיינשלאָפֿען אונ איז געלעגען מיט אָפֿענע אויגען אונ געקוקט אין די געדיכטע פֿינסטערנים.

זי האָט געזעהן, ווי דראַבקין ווערט אַ דיקער בעל־הבית; אַלע זיינע געדאַנקען זיינען אָנגעווענדעט נור אויף פֿערגרעסער'ן זיין ווערקשטאַט אונ וואָס מעהר אָנפֿילען זיין בייטעל. אַלץ איז פֿערגעסען: יעדע מענשליכקייט, יעדעם מיטפֿיהלען מיט דעם אָרעמען אַרבייטער, יעדע אַכטונג פֿאַר דעם נידריגער'ן.

די אַרבייטער זענען ביי איהם געדונגענע קנעכט אונ — „אֶפְרַיִם דאַרף אַרבייטען אין אָבענד ביז נייען, אַ זייגער אונ אַרבייט ביז עלף; אַז ער איז היינט אין דער פֿריה געקומען האַלב

אַכט, איז מען אויף איהם אָנגעפאַלען, ווי אויף אַ משוגענען הונד"...

אונ עס האָט זיך איהר געדאַכט אין דער שטילער־פינסטערנים, אַז דראַבקין האָט אַראָבגעלאָזען אַ פייערדיגע פּאַטש אַ יונגען קינד, וואָס געפינט זיך ביי איהם אין דער לעהרע.

זי האָט אַ ציטער געטהון מיט'ן גאַנצען קערפּער אונ אָנגעהויבען היסטעריש צו וויינען.

אַ הערצרייסענדער, ביטערער געוויין. —

ד. פינסקי.



# עֶרֶב יוֹם כִּפּוּר.

## אַ שְׁפִּיעל צְווישֶׁען אֵיין צִיעג אִין אַסַךְ וֶואלְף

### אין דריי טהיילען.

---

### ערשטעס טהייל.

### די ציעג.

---

ערב יום כפור, אַרום האַלבען טאָג.

ר׳ אליה׳ דער טוך־פֿאַבריקאַנט גרייט זיך צו עהרליך פֿער־נאַנדערצאָהלען זיך מיט זיינע אַרבייטער. לכבוד יום כפור! דער בוכהאַלטער מיט׳ן קאסער מאַכען די רעכנונגען און צאָהלען אוים דאָס געלד.

ער וויל זיך אפילו פֿריינדליך צוזעגענען מיט זיי. אויפ׳ן גרויסען שרייב־טיש שטעהט אַ גרויסע פֿלאַש בראַנפֿען, עטליכע גלאָזלעך, עס ליעגט אַסך אָנגעשניטענע לעקעך, ער וויל זיי ווינשען, זיי זאָלען נישט דאַרפֿען אָנקומען צו פֿרעמדע האָנד.

ער געהט אַרום הין און צוריק איבער זיין קאַנטאָר. ער איז שטאַרק פֿערנומען מיט זיינע געדאַנקען און דוקא נישט געשעפֿטס־געדאַנקען — ערב יום כפור איז ניט אַ צייט פֿון געשעפֿט.

ר׳ אליה איז אַ פֿרומער יוד. גאָר אָהן ספֿק. אין אַ לאַנגליכען ראָק מיט לאַנגליכע פאות, וועלכע זענען פֿער־באָרשטען צוזאַממען מיט דעם באַקען־האָאר פֿון זיין גרויסע, ברייטע באָרד, און גלאַט ר׳ אליה!

ער וויל קומען אַ ריינער צום מאָרגענדיגען משפּט, ער ווייס אָבער, אַז די אַרבייטער האָבען איהם שוין נישט איין מאָל פערקלאָגט ביים „מלך עליון”. וויל ער זיך מיט זיי אָבּ־טענהן. ער ווייזט זיך אויף, אַז ער איז שטענדיג געראָכט געוועזען: די אַרבייטער זענען פּשוט „קעשעני־גנבים”! זומּוער האָבען זיי פּלוצלונג געמאַכט „יד־אחת” אונ אויפגעהערט צו אַרבייטען. אַ גאַנצען חדש! אַ רציחה!

„שטרייק — שמייק!” טראַכט ר׳ אליה, — שטרייק רופען זיי עס נאָך אָן! גנבה, גזלה, פון מויל דעם ביסען!... נישט שטרייק — שמייק. וואָס פאַר א נאָמען זיי טראַכטען נאָך אויס!”...

ער האָט געוואָלט אַראָפּ נעמען אַ האַלב־רובעל פון שטיק. ער האָט געוואוסט, וואָס ער טהוט, ער האָט דאָס געדאַרפט טהון: ביי איהם אונטער דער נאָז וואַקסט אויס א קאָנקורענט.

דאָס איז אפילו נישט קיין שטאַרקע טענה, ער פיהלט עס, דערצו האָט ער נישט פּינקטליך געצאָהלט, געפּרובּט אַ פּאָאר מאָל אַיינדרעהען, צושטעלען, פערשרייבען גוטע סחורה פאַר שלעכטע אונ גאָר נישט בעצאָהלען — — נור ער האָט עס געטוּהט, גאָט איז זיין עדות — געשעפט! ווי זאָגט מען עס — אין האַנדעלשאַפט, די גאַנצע וועלט טהוט אַזוי, אָבער דער שטרייק!

„אונ גלאַט, מיינט ר׳ אליה”, זענען די יונגע אַרבייטער נישט ווערט וואָס די ערד טראָגט זיי, גוים, וואַהרע גוים, אַיין יודישער פונק איז נישטא אין זיי. עזות־פנים׳ער, נישט דאָ אָלטער, יונגער — פון גאַנצען אויסגעטהון”.

איין פענסטער פון קאַנטאָר געהט אַרויס צום גאַס, אונ ר׳ אליה זעהט, ווי אין גאַס נעבען טויער הייבען זיך שוין אָן צו קלייבען די אַרבייטער, זיי מאַכען מיט די קאָפּ אין דער זייט פון קאַנטאָר, אָט פערגלייסט אַ יונגער אַרבייטער, פון אַ יאָהר דריי אונ צוואַנציג, געציל לץ, די אויגען, גיט אַ וואָרף מיט די האָנד, ווי ר׳ אליה, ווען ער זירעלט איין אַרבייטער.

די יונגע אַרבייטער אַרום געצלען צולאַכן זיך — —

ר׳ אליה קעהרט אָב די אויגען פון פענסטער ברוגז'דיג.

— ווען שוין זיין אַ מאָל אַ סוף? ווענדעט ער זיך אונ־גערולדיג צום בוכהאַלטער מיט'ן קאַסער. ער וויל שוין מעהר אין פענסטער נישט קוקען און וועגען די אַרבייטער נישט קלערען. „גאָר נישטע'ן!" בעשליעסט ער אין מח און וואַרפט אוננגערען זיין בליק אויף די גאַס: געציל שטעהט אין דער פּאָזע. ווי ר׳ אליה, ווען ער וויל אַיינשמועסען אַיין ארבייטער, אַז ער האָט ביי איהם אָנגענומען מעהר געלד.

— וואָס ציהט זיך עס דאָרטען ביי אַייך, ווי פון פעך? שרייט אוים ר׳ אליה צו די קאַנטאָריסטען.

„ער וועט שוין ביי מיר נישט אַרבייטען", טראַכט ער וועגען ליץ. „אויסוואורפען זענען דאָס עפּים, איין גם אחד צווישען זיי".

איהם פאַלט איין, אַז די לייטלעך האָבען גאָר קיין ווערט נישט ביי דעם „כל וְכוּל", ער האָט גאָר לחלוטין ניט וואָס צו מורא האָבען פאַר זייערע טענות.

ער נעמט זיך פאַר'ן תהלים — יעצט וועט ער זיך גאָר אין גאַנצען איינקויפען ביי'ם רבונו של עולם — — —



# צווייטער טהייל.

## די וואָלף.

---

אַ מאַן זעכציג אַרבייטער שטעהען אין הויף אונ אין גאַס נעבען טויער, אלע אָנגעטהון יום־טוב־דיג — אין ריינע העמדער אונ אין די שבת'דיגע בגדים, נור יונגליך, וואָס דרעהען זיך צווישען זיי אַרום, זענען אָבגעריסען אונ כמעט אלע באָרוועס.

מען שטעהט ראָדלעך־וויים. אלטע מיט אלטע, יונגע מיט יונגע, מען איז אומגעדולדיג, וואָס מען לאָזט זיי אַזוי לאַנג וואַרטען. די געשפּראָכען קלעבען זיך עפּיס נישט, די יונגלעך העבען אָן שפּיעלען אין „חאַפּעניש", נור ברוך דער אַלטער, דער עלטסטער צווישען די אַרבייטער, שרייט אויף זיי אָן, „עס איז היינט נישט אַ צייט פון שפּיעלעניש", מיינט ער. די קינדער רייסען איבער דאָס שפּיעלען, אין אַ ווײלע אַרום שלאָגען זיי זיך פּאַר אַ קנאָפּעל.

נור אַרום געצעל לץ איז נאָך אַ ביסעל פריילעך, ער זיצט אויף אַ טומבע נעבען טראָטואַר, העבט שטיינער פון דער ערד אונ ציעלט אין די פייגעל, וועלכע שפּרינגען אום אין מיטטען גאַס. אָדער אין פאַרביי געהענדיגע מיידלעך, ער טהוט עס לאַנגזאַם, אָהן חשק, מען דאַרף דאָך מיט עפּיס די צייט אַראָפּ שטופּען, גלאַט איז ער יעצט אין כעס אויף ר' אליהן, גיט ער נאָך מיט עפּיס דאָס האַרץ.

די בחורים אַרום איהם האָבען פערגעניגען, נור די אַלטע אַרבייטער, וועלכע שטעהען אָנגעשפּאַרט אין טויער, קוקען אויף איהם אָנגערוקט.

— ביי איהם זענען אַלע צייטען גלייך, מורמלען די אַלטע.

דער יונגער עולם קוקט געצלען אין מויל אַריין: וואָס וועט

ער ענטפֿער'ן? ער פֿיהלט אויף זיך די בליקען, נור ער ענטפֿערט גאָר נישט, האַטש אין קאָפּ דרעהען זיך אַרום. אַלערליי ענטווערען: ער האָט שיער נישט געזאָגט, אז אַ מיידעל געפֿעלט איהם שטענדיג, אָבער ער האָט עס ניט געזאָגט. ער האָט זיך געפֿוילט.

— ווערסט מאָרגען קומען מיט מיר פֿאַסטען? פֿרעגט ער פֿלוצלינג ביי אַ פֿערביי געהענדיגער דיענסט.

— וואָס זאָגסט דו צו זיין קאָפּ! ענטווערט אָב דאָס מיידעל אונ געהט פֿאָריבער. זי קוקט זיך דאָך אין איהם איין: צי וואָלט עס איהר געלויהנט?

— מאָגסט זיך טאַקי בעגראָבען, לעבעדיגער-הייט, פֿראָסטער גוי, דו! צעבייזערט זיך דער אַלטער ברוך. — ערב יום כפור, נישט ערב יום כפור — נישט דאָ קיין חלוק!

— ר' אליה'ס זכות וועט מיר ביי-שטיין, ענטפֿערט געציל פֿויל. — ער וועט זיין פֿאַר מיר אַ גוטער בעטער...

— אין גיבֿע צייטען נור, — חאַפּט אונטער אַ בחור, — פֿאַר מיר אונ פֿאַר כל ישראל...

— ונאָמר אמן! זינגט אויס איין אַנדער בחור.

— שאַרלאַטאַנעס! רעדען צווישען זיך די אַלטע אַרבייטער.

— ערב יום כפור, נישט ערב יום כפור — גאָר נישט! מורמעלט ברוך.

ער איז אויך נישט גאָר שלום מיט ר' אליה'ן. עס ליעגען איהם גוט אין קאָפּ טויזענדערליי אונגערעכֿטיגקייטען, וועלכֿע ער האָט פֿערטראָגען פֿון איהם. אָבער דאָך וועט ער ערב יום כפור נישט מאַכֿען דער פֿון קיין רעד. מען טאָר נישט! אַ דם שונא אפילו איז ער מוחל במחילה גמורה, לכל הפחות אויף די ליפען וועט ער קיין קללה נישט ארויסברענגען.

די שקצים — זאָל גאָט נישט שטראָפֿען פֿאַר די רעד! — זענען פשיט אָסור לרחם.

— אָבער וואָס געווערט עס דאָרטען אַזוי? פֿראָגט מיט אומגעדולד איין אַלטער אַרבייטער.

— ער צעהלט זיינע עברות — ענטפֿערט דער ליץ געלאַסען.

און אין אַ ווײַלע אַרום גרעט ער צו:

— ער מוז גאָר אָנגרייטען פיר אונז אַ דרשה, ווי פֿאַר אַ יאָהרען. „נו, קינדערליך, האָט אײַך אַ „שימע טויבע“, העבט ער אָן מיט ר׳ אליה׳ס קול. „דער אויבערשטער זאָל אײַך צו־ברעכען די קאָפּ... איך מיין די האָרצער און איהר זאָלט האָבען אַ גרינגען תענית, כל־זמן איהר וועט לעבען“.

דאָס יונגוואַרג צעלעגט זיך פֿאַר געלאָכטער, די אַלטע וואַרפֿען קרומע בליקען.

— ערב יום כפור, נישט ערב יום כפור — ביזט אַ גוי, טאָ שמד דיך אין אַללדי רוחות! זידעלט זיך ברוך.

— אין קאָנטאָר! אין קאַנטאָר! דערהאָרען זיך קולות פֿון הויף.

די אַרבייטער ריהרען זיך.

— קומט אָנקוקען דעם כשר׳ן פרצוף. זאָגט געציל אויפ־שטעהענדיג פֿון טומבע. דאָס יונגוואַרג געהט מיט איהם, מיט אַ שמייכעל אויף די ליפען. —

---

# דריטטער טהייל.

## דאָס שפּיעל.

ר׳ אליה זיצט אויף זיין אָרט ביים טיש און קוקט אַריין אין חשבון. דאָס גאַנצע געלד ליעגט פֿאַר איהם. היינט וויל ער באַצאָהלען מיט דער אייגענער האנד, עס דאַכט זיך איהם, אַז דאָס איז אַ מצוה... ער וועט נאָך בעגעהן זיך מיט די אַרבייטער וואָס ווייכער, ער פֿיהלט אַ וואַרמקייט אין גאַנצען קאָרפּער — עס דאַכט זיך איהם, אַז ער איז אַ צדיק. און ער ווערט אַלץ בעסער און בעסער. זיין קוק אויף די אַרבייטער בעקומט אפילו אַ פֿריינדליכען אויס־דרוק.

די אַלטע מיט די יונגלעך שטעהען פֿאָר אויס, די יונגע לייט פֿון הינטען, געצעל שטעהט מיט איי'ן ערנסטער מיינע אויפ'ן געזיכט, נור זיינע אויגען קוקען איראָניש אויפ'ן בעל-הבית. ער ווייס עפּיס נישט, וואָס פֿאַר אַ שטאָכוואָרט ער זאָל זאָגען.

אונ דאָס יונגוואַרג קוקט אַריין געצלען אין די אויגען.

— נו, קינדערליך, ווענדעט זיך ר' אליה פֿריינדליך צו די אַרבייטער, — מיר וועלען אונז פֿערנאַנדער צאָהלען אונ צוזעגענען. איהר דאַרפֿט דאָך מסתמא האָבען דאָס געלד.

— נאָך ווי! ענטווערט עמיץ.

— אַודאי, אַודאי! זאָגט ר' אַליה גאָר וויך, — מיר וועלען דער פֿאַר קיין שהיות נישט מאַכען. נו, ברוך!

פֿון עולם טהיילט זיך אָב ברוך דער אַלטער אונ געהט צו צו'ם טיש.

— יעמוד ר' ברוך! זינגט אויס געציל.

די אַרומיגע פֿערדעקען די מיילער אונ קוקען אויף דער ערד.

ברוך בעקומט זיין געלד, בעהאַלט עס אין קעשענע אונ וויל אַוועק.

— האָט אַייך אַ חתימ... העבט ער אָן.

— וואַרט וואָס ענטלויפֿסט דו? האַלט איהם אָב ר' אליה, — מיר וועלען אונז אַ פֿריהער פֿערנאַנדער צאָהלען מיט אַלעמען, דערנאָך וועלען מיר אונז צוזעגענען, ווי געהעריג, מיר וועלען נעמען אַ ביסעל „משקה״, וואָס ענטלויפֿסט דו? — — עוזר! רופֿט ער אויס אַ צווייטען אַלטען אַרבייטער, — מיר זענען דאָך עפּיס יודען, היינט איז ערב יום־כפור, רעדט ער ווי פֿאַר זיך אַריינקוקענדיג אין חשבון.

— גרייט אָן דרשה־געשאַנק! וויצעלט געצעל.

ר' אליה וואַרפֿט אַ בליק אין געצעלס זייט, ער קאָן נישט ליידען די גאַנצע חברה, וואָס שטעהען דאָרטען, נור ער שטאַרקט זיך יעצט אונ טרייבט פֿון זיך די שנאה. ער וויל יעצט אויף קיינעם קיין שנאה ניט טראָגען, אונ עס דאַכט זיך

איהם, אַז דער „מלך עליון" זעהט אַלץ, וואָס עס טהוט זיך
ביי איהם אין האַרצען, און ער ווערט אַלץ פרעהליכער און
בעסער.

— איך האָב געוואָלט בעטען, איהר זאָלט מיר געבען
עפּיס מעהר געלד, זאָגט עוזר מיט אַ געבעט.

— מעהר געלד איז היינט ניט דאָ. האָט ר' אליה ווייך
נור אונגעדר'ן אַרויסגערעדט. ער חאַפּט זיך אָבער באַלד: מען
האָט נישט געדאַרפט אָבזאָגען, נור איהם פאַלט איין, אַז נאָך
יום־טוב וועט ער עוזר'ן נישט האַלטען מעהר, און עוזר וויל
דאַכט זיך אַליין אַוועק געהן פון איהם, און גלאַט ער זאָל
געבען עוזר'ן דאַרף ער שוין אַלעמען געבען, וואָרען אַלע וועלען
בעטען, זיי דאַרף מען נור בעווייזען אַ דרך.

— שמעריל! רופט ער אויס איין דריטען אַלטען
אַרבייטער.

— איהר וואָלט מיר געטהון אַ גרויסע טובה. איך דאַרף
אַזוי נאָהטיג! רעדט עוזר זיינס.

און ר' אליה וויצעלט גוטהערציג:

— איך דאַרף אויך, שמעריל דאַרף אויך, זאָג שמעריל,
דו דאַרפסט אויך?

— אָ, נאָך ווי דאַרפען! ענטפערט יענער. — איך האָב
מאַקי אייך געוואָלט בעטען...

— זעהסט, האַ? ווענדעט זיך ר' אליה צו עוזר'ן. —
שמחה! רופט ער אויס אַ פיערטען. ער וויל שוין פערגעסען
דעם גאַנצען פאַרפאַל מיט עוזר'ס בקשה.

— אָבער איך מוז! שטעהט צו עוזר. איך האָב מיך
אָבגעבעטען ביי ביינוש דעם וואָכערניק ביז היינט...

— ביזט אַ קינד און גאָר, זאָגט ר' אליה ווייך, חאָטש
עס פערדריעסט איהם שוין עוזר'ס עקשנות — אפרים! רופט ער
אויס. ביזט אַ קינד, זאָגט ער ווייטער צו עוזר'ן אַזוי זיסס,
אַזוי האַרציג, איך זאָל דיר געבען, דאַרף איך געבען ברוך'ן,
שמערלען, אֶפרים'ן — — דאַרף איך אַלעמען געבען. אַלע
דאַרפען, איך וויים דען נישט, אַז אַלע דאַרפען? ביי דיר,

אפרים, איז, דאכט זיך אַ טאָכטער קראַנק? וואָס מאַכט זי?
פראָגט ער דעם אַרבייטער מיט רחמנות.

— וואָס זאָל זי מאַכען? ליעגט! איך וואָלט געהאַט געלד... ענטפערט אָפרים אָהן חשק און פערצווייפעלט.

עוזר'ס געזיכט איז פערקרימט פון הארצוועהטאָג, ער קוקט זיך אום מיט די חברים, די חברים שטעהען אַלע אָנגערוקט, אפילו ברוך איז יעצט אין כעס.

— געפונען דעם „געבער". שעפציעט ברוך.

— גלייך ער וואָלט איהם נישט געקאָנט, מורמעלט שמחה.

— ע, חע — חע! זיפצט אָב אפרים.

— ערב יום־כפור, נישט ערב יום־כפור, ברומט אונטער געציל אין ברוך'ס טאָן. עוזר זיפצט אָב און רוקט זיך אַרויס פון קאָנטאָר.

— ערב יום־כפור, ר' עוזר! שיקט איהם נאָך א יונגער אַרבייטער.

— ע — ע — עך! מאַכט עוזר מיט דער האַנד און געהט אַוועק.

ר' אליה פיהלט, אַז די אַרבייטער פערמסר'ן איהם ווייטער פאַר דעם „מלך עליון". „דאָס איז א חברה", טראַכט ער, אויסרופענדיג איין אַרבייטער נאָכ'ן אַנדערן. „זיי האָבען דען ליעב אַריינגעהן אין דעם בעל־הבית'ס לאַגע? גיעב און גאָר! — מעהר ווייסען זיי נישט".

עס פערדריסעט איהם אפילו, וואָס ער האָט זיך אָנגע־הויבען מיט עוזר'ן. נור בדיעבד, אַז עס האָט זיך שוין אַזוי געמאַכט — — — ע!

— געציל! רופט ער אויס ווייך, ער וויל זיך אפילו מיט זיין גראָסטען שונא זעהר פריינדליך בעגעהן.

— איך בין דאָ! שרייט אויס דער לץ און לאָזט זיך געהן צום טיש.

— מאָרגען איז יום־כפור, געציל! מוסרט ר' אליה, — געציל, מאָרגען — יום־כפור!

— אָ — אָח, איך וויים! קראָכצט אָב געציל.

— ביזט אַ שייגעץ, געציל, אַגרויסער שייגעץ, מוסרט ווייטער ר׳ אליה, אָבגעבענדיג איהם דאָס געלד.

— אַ שלעכטע וועלט, ר׳ אליה׳, ניטא זיך פֿון וועמען גוטס אָבלעהרנען, ר׳ אליה. שטעכט זיך דער לץ.

— ביזט אַ שייגאָץ, אַ גרויסער שייגאָץ, זאָגט ר׳ אליה מיט אַ האַלבען מויל אונ רופֿט אויס איין אַנדער אַרבייטער.

געציל איז נישט צופֿריעדען, ער האָט צו וועניג אונ שלעכט אָבגעאָנטפֿערט.

געדאַרפֿט איהם עפּיס אַריינלאָזען אַ שפּילקע, עס זאָל איהם פֿערחאַפּען ביי דער נשמה. די חברים זענען אויך נישט צו פֿריעדען, אונ זיי האָבען אַזוי געוואָרט אויף דאָס ספּעקטאַקל!

אַ שווייגענדיגער פֿערלאָזט געציל די קאַנטאָר, שווייגענדיגע געהען אַוועק די יונגע לייט, אָבנעמענדיג זייערע געלד.

ר׳ אליהן שטעכט, וואָס זיי געהן אַוועק, נור ער שטעלט זיי ניט אָב. ער וויים, אַז אומזיסט וועט זיין די טרחה. דער ערב יום־כפּור מאַכט אויך נישט ווייך זייערע האַרצער, רשעים! אונ ער ווערט אַלץ ווייכער אונ ווייכער צו די איבעריגע.

די קינדער גיט ער אפילו צו שטייער אויף מחזורים — — ער בעקוקט מיט נצחון אַלע אַרבייטער. אונ ברוך׳ן דאַכט זיך, אַז ר׳ אליה האָט פֿאַרט אַ יודיש האַרץ.

דאָס פֿערנאַנדערצאָהלען זיך איז געענדיגט. ר׳ אליה שטעהט אויף פֿון דער שטוהל מיט אַ זעהר פֿריינדליכע מינע.

— נו, ברידערליך, זאָגט ער לעבעדיג, יעצט וועלען מיר אונז צוזעגענען, ווי עס דאַרף צו זיין. מאַכען לחיים, פֿער־בייסען. ער העבט אָן אָנגיעסען די גלאָזלעך. ברוך, שמעריל, אפֿרים אונ שמחה זענען פֿון די ערשטע.

— לחיים ר׳ אליה, ווינשען זיי — דער אויבערשטער זאָל אייך געבען אַ חתימה טובה...

— אָמן, גם אַתּם! ענטפֿערט ר׳ אליה פֿרום אונ פֿריינדליך. — נאָט לעקעך... געהט געזונטערהייט אַ היים, האָט אַ גרינגען תענית, אונ בעט עפּיס אוים, ברידערליך אַ גוט יאָהר, גוטע

— — געשאָפּטען — — געה בּערקע נעהם אַ ביסעל בּראַנפּען — — דאָס נייע יאָהר זאָל זיין בּעססער, ווי דאָס אַלטע — — וואָס טרינקסטו נישט אוים אין גאַנצען! שלים־מַזַלְניק דו! נאַ, אַ שטיקעל לעקעך — — מען טאָר נישט זינדיגען אַ מענש דאַרף דאַנקען גאָטט פֿאַר יעדען טאָג, וואָס ער לעבּט אַריבּער.

— בּרוך ד׳ יום, יום, זאָגט אונטער בּרוך מיט אַ זיפֿץ.

— אוראַי אַזוי, רעדט ווייטער ר׳ אליה — נור דאָך מאָג דאָס נייע יאָהר זיין אַביסעל בּעסער — — געהט קינדער נעמט צו ביסלעך בּראַנפּען — — נו, אונ איך בּין אַייך אַלץ מוחל, אַלץ, איהר זייט זיך אפילו נישט אָרענטלעך בּעגאַנגען מיט מיר, נור גאָר נישט — — נאָ לויבע, וואָס שטעהסט דו פֿון וויטען? — — נור גאָר נישט...

— איהר אויף אונז דאַרפֿט אַוראַי נישט בּרוגז זיין, האַלט זיך אפרים נישט איין.

— ניין, איהר האָט זיך זעהר ניט פֿיין בּעגאַנגען, שטעהט ר׳ אליה אויף זיינס.

— דער שטרייק — נישטא וואָס צו רעדען. ע — וואָס אַרט אַייך! דאָס הייסט מיט גוואַלד אַרויסגעריסען בּיי מיר, נור גאָר נישט, מוחל, אַלץ מוחל. עס געהט אַ יום כּפּור, לאָמער בּלייבּען גוטע פֿריינד.

נור די אַלטע אַרבּייטער פֿיהלען זיך בּעלעדיגט:

— ער איז נאָך גערעכט, ער איז נאָך מוחל!

אונ בּרוך דערפֿיהלט, אַז ר׳ אליה האָט אין זיך נישט אַ טראָפּען יודיש־בּלוט.

בּרוגז־דיגע העבּען זיי אָן פֿערלאָזען די קאַנטאָר.

— געהט געזונדער־הייט, רעדט זיי נאָך ר׳ אליה אונ פֿיהלט, אַז דער אָבּגרונד צווישען איהם אונ זיי איז נאָך גרעסער געוואָרען, — איך זאָג אַייך, איהר מאָגט בּעטען פֿאַר מיר, זאָל מיר נור גאָטט אַזוי העלפֿען, ווי איך וואָלט אַייך וועלען גוט צאָהלען. איהר מאָגט בּעטען פֿאַר מיר — — אונ

איהר חברה, וועגדט ער זיך צו די קליינע — זאָלט קויפען מחזורים, האָרט איהר!

— פאַרבֿעס, אַלע פאַרבֿעס בעשליעסט ער בלייבענדיג אַליין.

— אָ — אָ — ח! קראָכֿצט פֿרום אָב ר׳ אליה אין קאַנטאָר.

— ע — ע — עך! קרעכֿצען אָב די אַלטע ארבייטער אויף דער גאַס — — —



דֶעם אַלְטֶען, זִיעבְּצִיגְיֶאהְרִיגְען רֶב שְׁלֹמֹה'ן הָאט זַיין יוּנְגֶערֶער זוּהן, וָואס הָאט גֶעוָואהנְט אִין אַ דָארְף, אַרַיינְגֶעשִׁיקְט צְוַויי קִינְדֶער, אַז זֵיי זָאלֶלעֶן זִיךְ לֶערְנֶען אִין שְׁטָאדְט. „נַייֶע צַייטֶען, הָאט רֶב שְׁלֹמֹה גֶעטְרַאכְט מֶען מוּז דָאס!..״ אוּנ הָאט גֶעדוּנְגֶען דִי קִינְדֶער אַ גוּטֶען לֶעהְרֶער, נָאכְפְּרֶעגֶענְדִיג זִיךְ פְרִיהֶער בַּיי לַייטֶען.

— גִיט מִיר אַזַא לֶעהְרֶער, וֶועלְכֶער זָאלל וִויסֶען „זַייֶער״ גַאנְצֶע תּוֹרָה, וִוי מֶען זָאגְט, אוֹיף אֵיין פוּס! פְלֶעגְט עֶר זִיךְ וֶוענְדֶען מִיט אַ שְׁמֵייכֶעל צוּ זַיינֶע בֶּעקַאנְנְטֶע.

אוֹיף דֶעם אֵיין אוּנ זִיעבְּצִיגְסְטֶען יָאהר אִיז שׁוֹין ר׳ שְׁלֹמֹה מֶעהר גֶעוֶועזֶען אִין שְׁטוּב, וִוי אִין גַאס; דֶערְוַוייל פְלֶעגְט עֶר צוּהֶארֶען, וִוי דֶער לֶעהְרֶער הָאט גֶעלֶערְנְט מִיט זַיינֶע אֵיינִיקְלֶעךְ.

— אוֹיף דֶער אֶלְטֶער וִוילל אִיךְ וֶוערֶען אַ דָאקְטָאר, הָאט עֶר גֶעלַאכְט.

אֵיינְמָאהל הָאט דֶער לֶעהְרֶער דֶערְצֶעהלְט זַיינֶע תַּלְמִידִים מַאטְהֶעמַאטִישֶׁע גֶעאָגְרַאפִיֶע. רֶב שְׁלֹמֹה אִיז גֶעזֶעסֶען מִיט אַ שְׁמֵייכֶעל אוֹיף דִי לִיפֶּען, לַאכֶענְדִיג אִין הַארְצֶען פוּן דֶעם לֶעהְרֶער׳ל, וָואס דֶערְצֶעהלְט מִיט אַזַא עֶרְנְסְט „אַ זֶעלְכֶע גְרוֹיסֶע לִיגֶען״...

— דִי עֶרְד דְרֶעהט זִיךְ, זָאגְט דֶער לֶעהְרֶער זַיינֶע תַּלְמִידִים, אוּנ רֶב שְׁלֹמֹה שְׁמֵייכֶעלְט: „עֶר הָאט אַוַודַאי גֶעזֶעהֶען״. לַאכְט עֶר בַּיי זִיךְ. נוּר דֶער לֶעהְרֶער וַוייזְט דָאס אוֹיף מִיט׳ן דֶרֶךְ הַשֵּׂכֶל, אוּנ רֶב שְׁלֹמֹה וֶוערְט עֶרְנְסְטֶער אוּנ הֶערְט אוֹיף צוּ שְׁמֵייכְלֶען. עֶר לֵייגְט צוּ קָאפּ צוּ פֶערְשְׁטֶעהן דִי בֶּעוַוייזֶען, זוּכְט בַּיי זִיךְ אִין קָאפּ קַשְׁיוֹת, גֶעפִינְט קֵיין רֶעכְטֶע נִיט אוּנ בְּלַייבְּט עֶפֶּעס אָבְּהֶאנְדִיג, וִוי אָהן לָשׁוֹן.

דער לעהרער האט בעמערקט זיין ערנסטע מינע און האט פערשטאנען, אז דען אלטען האט די לעהרע פעראינטערעסיר׳ט און ער האט אנגעהויבען דערצעהלען נאך גראססערע חדושים. ער האט דער־צאהלט, ווי ווייט פון אונז די זונן איז, די גרויס פון איהר, וויפיעל ערדען קאנן מען פון איהר מאכען. רב שלמה האט שוין ווייטער געשמייכעלט און לסוף ניט אויסגעהאלטען.

— אי געהט! האט ער אויסגעשריען, דאס קאנן איך שוין גאר ניט הערען!.. מילא איהר האט געזאגט, די ערד דרעהט זיך — נו זאלל זיין אזוי!.. מילא... דאס בין איך איך מוחל... אפשר... דער שכל ווייזט אויף... אדער — די גרויס פון דער ערד... דאס אויסזעהן פון דער ערד... נו, זעהט איהר... אלץ א זאלכע זאכען... אבער די זונן!.. ווער האט זי געמאסטען, ווער?!.. איהר זייט געוועזען אויף איהר?!.. גלאט געבאלבעט אויף מיינע נאמנות!. חזק, בנאמנות!..

רב שלמה האט זיך צוהיצט. דער לעהרער האט אנגענומען רב שלמה׳ן פאר דער האנד און אנגעהויבען איהן בערוהיגען. ער האט איהם פערצעהלט, מיט וואס פאר א מיטטלען די אסטראנאמען האבען דאס אלץ דערוואוסט, אז זיי האבען דאס ניט געזאגט זייערע בויך־סברות; ער האט איהם דערצעהלט פון דעם טעלעסקאפ, גערעדט וועגען מאטהעמאטישע אויסרעכענונגען, וועלכע ער, רב שלמה, איז ניט אים שטאנד צו פערשטעהן. רב שלמה האט ניט געהאט וואס צו ענטפערן, נור ער האט אנגערוקט ברוגזדיג דען שטערן און האט זיך געעקשנט.

— חע, האט ער גערעדט און האט א מאך געטהאן מיט דער האנד, מיך ארט ניט, אז איך ווייס דאס ניט, אז איך קאנן דאס ניט פערשטעהן!.. גרויסע גאונות!.. קאטאוועס!..

עֶר איז עֶנְטְשְׁווּנְדֶען גֶעוָוארֶען אונ הָאט וַוייטֶער זִיךְ צוּגֶעהֶערְט צוּ דֶעם לֶעהֶרֶערְס „מַעֲשׂוֹת".

— מֶען וַויים אֲפִילוּ, וֶועלְכֶע מֶעטַאללֶען גֶעפִינֶען זִיךְ אִין דֶער זוּנְן אונ וֶועלְכֶע נִיט, הָאט דֶער לֶעהֶרֶער וַוייטֶער פֶערְצֶאהלְט.

— אוּנ אַז אִיךְ וֶועל נִיט גְלוֹיבֶּען!.. הָאט רֶב שְׁלֹמה גֶעשְׁמֵייכֶעלְט מִיט בֶּאְזֶקייט.

— אִיךְ עֶרְקְלֶעהר אַייךְ גְלַייךְ, הָאט דֶער לֶעהֶרֶער גֶעאֶנְטְפֶערְט.

— אַז אוֹיפ׳ן הִימֶמעל אִיז אַ יָרִיד! הָאט אִיהן רֶב שְׁלֹמה אוּנְגֶעדוּלְדִיג אִיבֶּערְגֶערִיסֶען. עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען זֶעהר בֶּאז. נוּר דֶער לֶעהֶרֶער הָאט זִיךְ נִישְׁט אוֹיסְגֶעמַאכְט פוּן זַיין בֶּאזְקֵייט.

— מִיט צְווֵיי הוּנְדֶערְט יָאהר צוּרִיק, הָאט אָנְגֶעהֶעבֶּען דֶער לֶעהֶרֶער, הָאט גֶעלֶעבְּט אִין עֶנְגְלַאנְד אַ בֶּערִיהמְטֶער נַאטוּרְפָארְשֶׁער אונ מַאטְהֶעמַאטִיק אִיזַאק נְיוּטָאן. אוֹיף אִיהן הָאט מֶען גֶעזָאגְט, אַז ווֶענְן גָאטט הָאט אַרוֹיסְגֶערֶעדְט „עֶס זָאלל וֶוערֶען לִיכְט!", אִיז גֶעבָּארֶען גֶעוָוארֶען נְיוּטָאן...

— פְּשׁ, אַוַודַאי, זֶעהט נַקֶארְסְט!.. הָאט ר׳ שְׁלֹמה אִיבֶּערְגֶערִיסֶען, אַ קְלֵיינִיגְקֵייט מַאכִי!..

דֶער לֶעהֶרֶער הָאט זִיךְ דֶערְצֶאהלְט זַיינְס אונ הָאט דֶערְקְלֶעהרְט דֶען סְפֶּעקְטְרִישֶׁען אַנַאלִיז. עֶר הָאט לַאנְג גֶערֶעדְט, אוּנ רֶב שְׁלֹמה אִיז גֶעזֶעסֶען אָנְגֶערוּקְטֶערְהֵייט אונ הָאט זִיךְ אַיינְגֶעהֶערְט.

— יֶעצְט פֶערְשְׁטֶעהט אִיהר? הָאט דֶער לֶעהֶרֶער גֶעפְרֶעגְט, עֶנְדֶענְדִיג.

רֶב שְׁלֹמה הָאט גָאר נִישְׁט גֶעאֶנְטְפֶערְט אונ גֶעקוּקְט פוּן אוּנְטֶערן שְׁטֶערן, דֶער לֶעהֶרֶער הָאט וַוייטֶער דֶערְצֶאהלְט.

— דִי עֶרְד, הָאט עֶר גֶעזָאגְט, שְׁטֶעהט שׁוֹין אַ סַךְ מִיט יָאהרֶען; ווִיפִיעל וַויים מֶען נָאךְ נִיט גֶענוֹי, נוּר מֶען רֶעכֶענְט שׁוֹין אָן אַ סַךְ מִיללְיָאנֶען יָאהר....

— ע! האט איבערגעריסען דער אלטער, איך וויים, איהר קריכט שוין גאר אויף גלייכע ווענד!.. עס איז חלשות צו הערען, פע!.. דאכט זיך, דאס איז דער גאנצער וועלט ידוע... אפילו אויף זייערם...

— ווארט אויף, רב שלמה, האט איהן איבערגעריסען דער לעהרער, איך וועל אייך גלייך ערקלעהרען...

— מא, חלשות צו הערען! האט ער ארויסגערעדט האכסט ברוגז אונ אונצופריעדען, האט זיך אויפגעהעבען פון ארט אונ איז ארויס פון צימער.

---

דעם גאנצען טאג איז ער געוועזען ווי ברוגז אונ אי ארומ־געגאנגען מיט איין אנגעקנויטשטען שטערן. ער איז געוועזען אין כעס אויף דער וויססענשאפט, אויפ׳ן לעהרער, אויף זיך אליין וואס ער האט דאס גאר געדארפט צוהערען

— נארישקייטען, באלבערייי!.. אונ איך זיטץ אונ הער זיך איין!.. האט ער גערעדט צו זיך מיט פערדראס. ער דערמאהנט זיך אבער די „באלבערייי" אונ עס הערט איהם אן צודריקען אין הארצען אונ אין מוח. ער וואלט וועללען געפינען עפעס א צוטשעפ, עפעס א בעוויז, אז דאס איז „הבל הבלים", געפינען עפעס א הארבע קשיא אונ ארויסשטעללען זיי אללעמען, די היינטיגע פראים, די היינטיגע „ניוטאנענלעך", א לאנגע, גרויסע צונג.

— דאס איז דאך טאקי קינדערשפיעל, טראכט ער, זיי דער־צאהלען אויפ׳ן הימעל א יריד — אונ דו גער, גלויב זיי!..

נור זייערע ראיות, זייערע ראיות!.. אונ ער בלייבט ווייטער אבהאנדיג.

— מא, גיט ער זיך א חאפ, איז וואס ווילען זיי?!.. איז שוין אל ץ אוים?!.. איז שוין גאר?!.. גאר?!.. די ערד דרעהט זיך!..

אַ קאַטאָעם!.. וואָס זיי האָבּען דאָ דערקלערט!.. די גרויסע זאַכען!.. זונן — שמונן, טפוי!.. דאָס איז טאַקי איין עיקר!!..

ער ווערט זעהר בּאָז און רייסט די קנאָפּלעך פון ראָק, זעצט אַרויף גוט דאָס היטעל אויפ'ן קאָפּ און שפּייט אויס.

— אַפּקורסים, ניט מעהר אַז אַפּקורסים!.. בּלייבּט בּיי איהם.

ער דערמאָהנט זיך אויפ'ן לעהרער, מיט וואָס פאַר אַ היטץ יענער האָט גערעדט! איהם קלינגען אין קאָפּ זיינע ערקלערונגען און בּעווייזען, און ער ווערט ווייטער צומישט.

אַ צוטראָגענער, אַ בּרוגזדיגער, קרעכצענדיג און זיפצענדיג, האָט ער זיך אַוועקגעלייגט שלאָפען. נור די גאַנצע נאַכט איז ער ניט רוהיג געוועזען, האָט זיך געקעהרט פון איין זייט אויף דער אַנדערער און געקרעכצט, די אַלטינקע האָט איהן געטראָסט.

— היינט איז אַזאַ פאַנאָדע, האָט זי גערעדט און צו געהוסט, מיר שטעבּט טאַקי עפּעס אויך אין זייט.

אויף מאָרגען, ווען דער לעהרער איז געקומען, האָט איהן רב שלמה געפּרעגט מיט זיין אונצופריעדענער מינע:

— נו, היינט וועט איהר אויך פערצעהלען „מעשות"?

— היינט איז בּיי אונז ניטאָ קיין געאָגראַפּיע, האָט דער לעהרער געענטפערט.

— דאָס האָבּען אויך די אַסטראָנאָמען „אייערע" אויסגערעכענט, אין וועלכען טאָג מען דאַרף לערנען געאָגראַפיע? האָט ער אַרויס־גערעדט מיט אַ בּאָזער איראָניע.

— ניין, דאָס איז שוין מיין ערפינדונג. האָט דער לעהרער געשמייכעלט.

— און ווען האָבּען די אַסטראָנאָמען „אייערע" געהייסען לערנען געאָגראַפּיע? האָט רב שלמה געהאַלטען זיך זיינס.

— מאָרגען.

— מָארְגֶען, הָאט עֶר בְּרוּגֶזְדִיג אִיבֶּערְגֶעחֲזֶרְט אוּנ אִיז אַרוּיס פוּן צִימֶער, דָאס עֶרשְׁטֶע מָאהל אִיבֶּערְלָאזֶענְדִיג אַ לֶעקְצְיָאן.

אוֹיף מָארְגֶען הָאט דֶער לֶעהֶרֶער גֶעגֶעבֶּען צוּפֶערְשְׁטֶעהן זַיינֶע תַּלְמִידִים דִי סִבָּה פוּן לִקוּי חַמָּה אוּנ לִקוּי לְבָנָה. רֶב שְׁלֹמֹה אִיז גֶעזֶעסֶען אַיין אָנְגֶערוּקְטֶער אוּנ הָאט זִיךְ אַיינְגֶעהֶערְט אָהן אַ בֶּעוֶועגוּנְג.

— דָאס אִיז אַזוֹי רִיכְטִיג הָאט דֶער לֶעהֶרֶער גֶעעֶנְדִיגְט זַיין עֶרְקְלֶעהרוּנְג, אַז דִי אַסְטְרָאנָאמֶען רֶעכֶענֶען אוֹיס דִי מִינוּט אֲפִילוּ, אִין וֶועלְכֶער עֶס וֶועט זַיין אַ לִקוּי, אוּנ הָאבֶּען נָאךְ קֵיין מָאהל קֵיין טָעוּת נִיט גֶעהַאט.

רֶב שְׁלֹמֹה הָאט אוֹיף דִי לֶעצְטֶע וֶוארְטֶער צוּגֶעשָׁאקֶעלְט מִיט'ן קָאפּף אוֹיף „יָא“ אוּנ הָאט גֶעקוּקְט אוֹיף דִי אַיינִיקְלֶעךְ, וִוי עֶר וָואלְט זֵיי וֶועלְלֶען זָאגֶען: „דָאס פְרֶעגְט בַּיי מִיר“!

וַוייטֶער הָאט דֶער לעהֶרֶער דֶערְצֶעהלְט וֶועגֶען קָאמֶעטֶען, פְּלַאנֶעטֶען אוּנ אַנְדֶערֶע זוּנֶען. רֶב שְׁלֹמֹה הָאט זִיךְ גֶעבְּלָאזֶען אוּנ פְלֶעגְט יֶעדֶער וַוייְלֶע אִיבֶּערְרַייסֶען דֶען לֶעהֶרֶער מִיט אַנְדֶערֶע אוֹיסְגֶעשְׁרַייעֶן: „טָאמֶער גְלוֹיבְּסְט דוּ נִיט, גֶעה מֶעסְט אִיבֶּער!..“ „אוּנ אַז נִיט, טָא רוּף מִיךְ לִיגְנֶער!..“ „פוּנְקְט טַאקִי“!.. „עֶס פֶעהלְט אַיין אַרְשִׁין“!..

רֶב שְׁלֹמֹה הָאט מִיט'ן פוּלֶען הוֹיפֶען גֶעצָאהלְט צִינְס זַיין יוּדִישֶׁער עֶרְצִיעהוּנְג. אִין שְׁטָאדְט זַיינֶען גֶעוֶועזֶען נִיט אַ סַךְ אַ זֶאלְכֶע לַמְדָנִים וִוי ר' שְׁלֹמֹה: אָהן חֲנִיפָה פְלֶעגֶען אִיהן רַבָּנִים רוּפֶען „צָנָא מָלֵא“ — אַ „פוּלֶע קַאסְטֶען“. אוּנ רֶב שְׁלֹמֹה הָאט זִיךְ נִיט גֶעקָאנְט פָארְשְׁטֶעלְלֶען, אַז עֶס אִיז פֶערְהַאנֶען אַנְדֶערֶע חָכְמוֹת, אוּנ, אַז עֶר הָאט זִיךְ זֵיי יָא פָארְגֶעשְׁטֶעלְט, הָאט עֶר נִיט גֶעקָאנְט דֶערְלָאזֶען, אַז זֵיי זָאללֶען זַיין רִיכְטִיג, אוּנְפֶערְפֶאלְשְׁט אוּנ וִויכְטִיג. עֶר אִיז אוֹיף אַזוֹי פִיעל קְלוּג גֶעוֶועזֶען, עֶר הָאט אוֹיף אַזוֹי פִיעל אַיין עֶדֶעלֶע עֶרְצִיעהוּנְג גֶעהַאט, אַז עֶר הָאט פֶערשְׁטַאנֶען, אַז בַּיי נִיט-יוּדֶען קָאנֶן אוֹיךְ גֶעבֶּען

גרויסע מענשען — ער וואלט אפילו געלאכט פון דעם, ווער עס וואלט געזאגט, אז ניט — אבער אז ביי ניט-יודען זאללען זיין גרויסע לייט, גלייך מיט יודישע, דאס האט ער ניט געגלויבט; וועגען גראססער נאך איז ניטא וואס צו רעדען. „איין אנטיסעמיט, א צורר היהודים, א המן קאנן דאס זאגען!..“

— עס איז דאך א געלעכטער, וואלט רב שלמה געענטפערט, דאס זיינען דאך עפעס גאוני ארץ!.. דאס זיינען דאך עפעס קאפף!.. בארען!.. א שפאס עפעס!.. ווי קומט עס גאר צו זיי, צו די גוים?!.. וואס פאר אשארפע חכמה זייערע (די ניט-יודישע) איז?!.. א קלייניג־קייט, אגרוויל גאר!..

יעצט האט זיך עפעס רב שלמה'ן ניט געגלויבט, אז „זייערע“ חכמות זיינען גאר ניט אזוי גרינג, און ער, דער צנא מלא, קאנן זיי גאר ניט אזוי לייכט פערשטעהן; עפעס האט ער דא גאר ניט קיין בויך-סברות, קיין מיינונגען פון ניט געשטויגען, ניט געפלויגען, נור אלץ א זאלכע מאטהעמאטישע אויסרעכענונגען און אויפוייזונגען... אויפווייזונגען, וואס יעדער כמעט קאנן זיי אלליין אויספרובען, וואס לייגען זיך אויפ'ן שכל, און רב שלמה איז ברוגז געווארען. ער האט זיך געוואלט דערהאלטען ביי זיינע אלטע געדאנקען, ביי זיין אלטען פערשטאנד. ער האט געוואלט פערשרייען דען קלארען שכל, די איינפאכע ערקלערונגען צושלאגען מיט ווארטער, וועלכע עס רעדט ארום יעדער אונזויסענדער עקשן. ער האט אבער געפיהלט, אז ער איז אומגערעכט, און האט ניט געקריגט מיט'ן לעהרער, אויסהארענדיג זיינע תירוצים מיט איין אנגערוקטער מינע. און דער לעהרער פלעגט איהם גאר איינפאך ענטפערן.

— מען קאנן טאקי אויסמעסטען, האט ער געזאגט, ווארום ניט? נור מען מוז זיך א סך לערנען...

אז דער לעהרער האט זיך שוין געהאלטען פאר דער מהיר,

הָאט אִיהְן רֶב שְׁלמה אָבְּגֶעשְׁטֶעללְט מִיט אַ קַשְׁיָא.

— אוּנ וָואס, הָאט עֶר גֶעפְרֶאגְט אָנְגֶערוּקְטֶערְהַייט, דִי גַאנְצֶע וויסֶענְשַׁאפְט אַייעֶרֶע אִיז נוּר דִי אַסְטְרָאנָאמְיֶע מִיט דֶער גֶעאָגְרַאפְיֶע?

— אָ נֵיין הָאט דֶער לֶעהְרֶער גֶעאֶנְטְפֶערְט, עֶס אִיז פֶערְהַאנְן אַ סַךְ, גָאר אַ סַךְ.

— דְהַיְינוּ?

— אוֹיף אֵיין פוּס?

-- וָאלל זַיין אוֹיף אֵיין פוּס, הָאט עֶר גֶעאֶנְטְפֶערְט אוּנְגֶעדוּלְדִיג, וַוי אִין כַּעַס.

— אוֹיף אֵיין פוּס קָאנן מֶען דָאס אָבֶּער נִיט, הָאט דֶער לֶעהְרֶער גֶעזָאגְט. אַז אִיהר ווִילְט וֶועל אִיךְ צוּ אַייךְ קוּמֶען שַׁבָּת, אוּנ מִיר וֶועלֶען פֶערְבְּרֵיינְגֶען.

— שַׁבָּת? הָאט רֶב שְׁלמה אִיבֶּערְגֶעפְרֶאגְט אוּנְצוּפְרִיעֶדֶען.

— שַׁבָּת, וַוייל קֵיין אַנְדֶער צַייט הָאבּ אִיךְ נִיט, הָאט דֶער לֶעהְרֶער גֶעאֶנְטְפֶערְט.

— וָאלל זַיין שַׁבָּת, הָאט רֶב שְׁלמה גֶעזָאגְט, נָאכְדֵיינְקֶענְדְ אַ בִּיסֶל.

— אָבֶּער בַּאלְד נָאךְ הַארְמֶעס, הָאט עֶר נָאכְגֶעשְׁרִיעֶן דֶעם לֶעהְרֶער, וֶוענן יֶענֶער אִיז שׁוֹין אַרוֹים פוּן טְהִיר.

— אוּנ אַלְץ אִיז אַזוֹי רִיכְטִיג, וִוי אַייעֶר אַסְטְרָאנָאמְיֶע? הָאט עֶר נָאכְגֶעשְׁרִיעֶן דֶעם לֶעהְרֶער, וֶוענן יֶענֶער אִיז שׁוֹין אָבְּגֶעגַאנְגֶען אַ שְׁטִיקֶעל.

-אִיהר וֶועט שׁוֹין וִויסֶען, הָאט דֶער לֶעהְרֶער גֶעשְׁמֵייכֶעלְט.

---

אִין זַיין גַאנְצֶען לֶעבֶּען הָאט רֶב שְׁלמה נָאךְ קֵיין שַׁבָּת נִיט דֶערְוַוארְט, וִוי דֶען שַׁבָּת, אוּנ דִי צְוַויי טֶאג בִּיז אִיהם הָאבֶּען זִיךְ

אויסגֶעדַאכְט רֶב שְׁלֹמה'ן זֶעהר לַאנְג. דִי גַאנְצֶע צַייט הָאט עֶר דֶען שְׁטֶערן נִיט פֶערְאַנְדֶערְגֶעקְנויטְשְׁט אוּנ קֵיין פְּרֶאהלִיכֶע מִינֶע נִיט גֶעמַאכְט.

אִין דִי טָאג הָאט מֶען גֶעקָאנְט גַאנְץ אָפְט זֶעהֶען, וִוי רֶב שְׁלֹמֹה פְלֶעגְט צוּלֵייגֶען דִי הֶאנְד צוּם שְׁטֶערן. עֶר אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען, גְלַייךְ וִוי אַ שְׁוֶוערֶע מַשָׂא וָואלְט אוֹיף אִיהם גֶעלֶעגֶען, אוּנ עֶר וָואלְט זִי שׁוֹין וֶועלֶען אַרָאבְוַוארְפֶען; אָדֶער, וִוי עֶר וָואלְט גֶעהַאט זֶעהר נִיט קֵיין גֶעשְׁמַאק גֶעשֶׁאפְּט דוּרְכְצוּפִיהרֶען אוּנ עֶר וָואלְט עֶם שׁוֹין וֶועלֶען אָבְּשְׁטֶערְן.

שַׁבָּת הָאט עֶר זִיךְ קוֹים דֶערְוַוארְט אוֹיפ'ן לֶעהרֶער. „אִיהר הָאט זִיךְ גֶעלָאזֶען שְׁטַארְק בֶּעטֶען”, הָאט עֶר יֶענֶעם פָארְגֶעוָוארְפֶען.

דִי אַלְטִינְקֶע אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען שְׁלָאפֶען, דִי אֵיינִיקְלֶעךְ זֶענֶען זִיךְ צוּגַאנְגֶען שְׁפִּיעלֶען, אוּנ עֶר הָאט גֶענוּמֶען דִי פּוּשְׁקֶע טַאבַּאק צְוִוישֶׁען דִי פִינְגֶער, הָאט זִיךְ אָנְגֶעשְׁפַּארְט אָן וֶואנְדִיל פוּן פַאטֶער-שְׁטוּהל (קְרֶעסְלָא), אוֹיף וֶועלְכֶען עֶר אִיז גֶעזֶעסֶען, אוּנ אַיין אָנְגֶעבְּלָאזֶענֶער אֵיינְגֶעהֶארְט זִיךְ אִין דֶעם לֶעהרֶערְס וֶוארְטֶער.

דֶער לֶעהרֶער הָאט לַאנְג גֶערֶעדְט, הָאט אָנְגֶערוּפֶען נָאמֶען פוּן חָכְמוֹת אוּנ הָאט זֵיי אִיהם עֶרְקְלֶעהְרְט, רֶב שְׁלֹמֹה הָאט אִיבֶּערְגֶעחָזֶרְט יֶעדֶע עֶרְקְלֶעהרוּנְג אִין קוּרְצֶען: „אִיז, הֵייסְט דָאס, פְּהִיזִיק אַ לֶעהרֶע וֶועגֶען...” אָדֶער „הָאבֶּען מִיר, הֵייסְט דָאס, אַ קַיְימָא לָן, אַז פְּהִיזִי-אָלָאגְיֶע מַאכְט אוּנְז קְלָאר אִין...” דֶער לֶעהרֶער פְלֶעגְט אִיהם אוּנְטֶערְהֶעלְפֶען אוּנ פְלֶעגְט גְלַייךְ אָנְהֶעבֶּען רֶעדֶען וֶועגֶען אֵיין אַנְדֶער חָכְמָה. וֶוענְן דִי אַלְטִינְקֶע הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעחַאפְּט, הָאט דֶער לֶעהרֶער שׁוֹין עֶרְקְלֶעהרְט אַנַאטָאמְיֶע, פְּהִיזִיאָלָאגְיֶע, פְּהִיזִיק, כֶעמִיֶע, זָאאָלָאגְיֶע אוּנ סָאצִיאָלָאגְיֶע.

עֶס אִיז שׁוֹין גֶעוֶועזֶען גָאר שְׁפֶּעט; דֶער עוֹלָם אִיז גֶעגַאנְגֶען פוּן מִנְחָה, אוּנ דִי, וָואס רוֹיכֶערְן נִיט אוּם שַׁבָּת, הָאבֶּען גֶעהֶעבֶּען

דִי אויגֶען צוּם הִימֶעל. נוּר רֶב שְׁלמה הָאט פֶּערְגֶעססֶען אויף וָואס פַאר אַ וֶועלְט עֶר אִיז. עֶר אִיז גֶעזֶעססֶען מִיט'ן אָנְגֶעקְנוּיטְשְׁטֶען שְׁטֶערְן אוּנ אָנְגֶערוּקְטֶע בְּרֶעמֶען, גוּט אַייְנְהָארֶענְדִיג זִיךְ אוּנ הָאט גֶעזֶעהֶען פַאר זִיךְ נוּר דֶעם לֶעהֶערְס מויל, אוּנְטֶערְחַאפֶּענְדִיג פוּן אִיהם יֶעדֶעם וָוארְט.

— אִיהר רֶעדְט נָאךְ אַלְץ? הָאט דִי אַלְטִינְקֶע אַ פְרֶאג גֶעטְהָאן מִיט פֶּערְוואוּנְדֶערוּנְג, רַייבֶּענְדִיג דִי אויגֶען.

רֶב שְׁלמה הָאט אַ קָעהר גֶעטְהָאן זַיין קָאפּ צוּ'ם וַוייבּ, תַּמֶעוַואטֶע אָנְקוּקֶענְדִיג זִי, ווי עֶר וָואלְט נָאכְדֵיינְקֶען, וָואס הָאט זִי בַּיי אִיהם אַזוֹיגְס גֶעפְרֶאגְט.

— אָהָא, הָאט דִי אַלְטִינְקֶע גֶערֶעדְט, אִיהר לַאכְט נָאךְ פוּן וַוייבֶּער!..

רֶב שְׁלמה הָאט נָאךְ מֶעהר אָנְגֶערוּקְט דִי בְּרֶעמֶען אוּנ אָנְגֶעקְנוּיטְשְׁט דֶען שְׁטֶערְן אוּנ ווִידֶער אָנְגֶעשְׁטֶעלְט זַיין בְּלִיק אויפ'ן מויל.

— מֶען דַארְף שׁוֹין דָאךְ בַּאלְד אָנְצִינְדֶען פַייֶער, הָאט דִי אַלְטֶע גֶעבּוּרְמְשֶׁעט.

דֶער לֶעהֶרֶער הָאט אַקוּק גֶעטְהָאן אויפ'ן זֵייגֶער.

— שׁוֹין מַאקִי שְׁפֶּאט, הָאט עֶר אַרוֹיסְגֶערֶעדְט.

— אַלְץ הֵייסְט שְׁפֶּאט! הָאט אוּנְטֶערְגֶעחַאפְּט דִי אַלְטֶע. וָואס הָאט מֶען מִיךְ גֶעלָאזֶען שְׁלָאפֶען, וַוייס אִיךְ נִיט!.. מֶענְשֶׁען זָאלְלֶען אַזוֹי פִיעל קַאלַאטִירֶען... פְלוֹידֶערְן... אַפִילוּ אויף מְהֶע פֶּערְגֶעסֶען...

רֶב שְׁלמה הָאט אַ קוּק גֶעטְהָאן אִין פֶענְסְטֶער.

— אָ, וַואָ, הָאט עֶר אַרוֹיסְגֶערֶעדְט אוּנְצוּפְרִיעדֶען, מֶען גֶעהט שׁוֹין פוּן שׁוּהל... שׁוֹין נָאךְ מִנְחָה!.. פֶערְקַאלַאטִירֶעט זִיךְ... אָ וַואָ!..

עֶר אִיז אויפְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען פוּן אָרְט, הָאט אַרִיעבּ גֶעטְהָאן דִי הֶאנְד אָן שׁוֹיבּ אוּנ אָנְגֶעהֶעבֶּען דַאוְונֶען מִנְחָה, דֶער לֶעהֶרֶער הָאט זִיךְ אָנְגֶעטְהָאן.

— נ, א; הָאט אִיהם רֶב שְׁלֹמה גֶעמַאכְט מִיט דֶער הַאנְד —
עָר זָאלל אָפּוַוארְטֶען.

רֶב שְׁלֹמה הָאט אָבְּגֶעזָאגְט קְטוֹרֶת.

— וֶוענן וֶועט אִיהר דָאס אַלְץ לֶערְנֶען מִיט דִי קִינְדֶער? הָאט עָר יֶענְמָאלְט גֶעפְרֶעגְט, קוּקֶענְדִיג אִין סִדוּר מִיט דֶער בְּרוּגֶזְדִיגֶער מִינֶע.

— נָאךְ וַוייט דֶערְצוּ, נִיט אַזוֹי גִיךְ, הָאט דֶער לֶעהְרֶער גֶעאֶנְטְפֶערְט, דִי קִינְדֶער קֶאנְנֶען נָאךְ נִיט אַלְץ פֶערְשְׁטֶעהְן.

— גְרוֹיסֶע חָכְמוֹת! הָאט רֶב שְׁלֹמה אַרוֹיסְגֶערֶעדְט אִירָאנִישׁ; קוּקֶענְדִיג אִין סִדוּר, אוּנ אָנְגֶעהֶעבֶּען אַשְׁרֵי.

עֶר הָאט דָאס דַאוְוֶנֶען גֶעחַאפְּט; דִי וֶוארְטֶער זֶענֶען בַּיי אִיהם אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען הַאלְבֶּע. וִויפִיעל עֶר הָאט נִיט גֶעקְוֶועטְשְׁט דֶען שְׁטֶערְן, הָאט עֶר אַלְץ נִיט גֶעקָאנְנְט אַרוֹיסְשְׁטוּפֶּען פוּן קָאפְּ דִי פְרֶעמְדֶע מַחֲשָׁבוֹת אוּנ הַאלְטֶען קָאפְּ אִין דִי תְּפִלּוֹת. נָאךְ מִנְחָה הָאט עֶר גֶעפְּרוּבְט נֶעמֶען אַ סֵפֶר, נוּר עֶס אִיז נִיט גֶעגַאנְגֶען. אִין קָאפְּ אִיז בַּיי אִיהם גֶעוֶועזֶען אַ גַאנְצֶער מִישְׁמַאשׁ פוּן דִי נַייֶע חָכְמוֹת. פוּן דָאס בִּיסֶל, וָואס עֶר הָאט עֶרְשְׁט גֶערְוואוּסְט, הָאט עֶר גֶעוָואלְט פֶערְשְׁטֶעהְן אוּנ וִויסֶען אַלְץ, פוּן אַ הָאר הָאט עֶר גֶעוָואלְט אוֹיפְבּוֹיעֶן אַ גַאנְצֶען קָארְפֶּער. אוּנ עֶר הָאט גֶעטְרַאכְט, גֶעטְרַאכְט, גֶעטְרַאכְט...

זוּנְטָאג, וֶוענן דֶער לֶעהְרֶער אִיז גֶעקוּמֶען, הָאט אִיהם רֶב שְׁלֹמה גֶעזָאגְט, אַז עֶר דַארְף מִיט אִיהם עֶפֶּעס רֶעדֶען. דֶערְוַוייל הָאט עֶר זִיךְ צוּגֶעזֶעצְט הֶערֶען. דִי שָׁעָה, וָואס דֶער לֶעהְרֶער הָאט גֶעלֶערְנְט מִיט דִי קִינְדֶער, אִיז אִיהם גֶעוֶועזֶען צוּלַאנְג, אוּנ עֶר הָאט דִי אוֹיגֶען נִיט אַרָאבְּגֶענוּמֶען פוּן וַואנְדְזֵייגֶער.

— אִיהר ווִילְט הָאבֶּען נָאךְ אַ תַּלְמִיד? הָאט עֶר גֶעפְרֶעגְט דֶען לֶעהְרֶער, אַרַיינְגֶעהֶענְדִיג מִיט אִיהם צוּ זִיךְ אִין צִימֶער. אִיהם הָאט זִיךְ גֶעדַאכְט, אַז עֶר וֶוערְט רוֹיט, אוּנ הָאט גֶעמַאכְט זֶעהר אַ בֶּאזֶע מִינֶע.

— פאר וואס ניט, האט דער לעהרער געאנטפערט, שטארק איינקוקענדיג זיך אין רב שלמה'ס געזיכט. רב שלמה האט געהאלטען די אויגען צו דער ערד און די ברעמען, ווי געוועהנליך אין די לעצטע טאג, אנגערוקט.

— פערשטעהט איהר מיך... א תלמיד, האט ער געשטאממעלט, פערשטעהט איהר מיך... ניט קיין יונגעל... א תלמיד... איין אלטערער מענש... פערשטעהט איהר מיך... גאר איין אנדער למוד...

— נו, נו, מיר וועלען שוין זעהען, האט דער לעהרער געשמייכעלט.

— איך מיין מאקי מיך אליין!.. האט ער ארויסגערעדט האסטיג און צופריעדען, ווי ער וואלט זיך מודה געוועזען על פי נוים אין זעהר א מיאוסע עבירה מיט דעם טאן „נו איך האב געזינדיגט — איז וואס ווילט איהר?"

— א, א טייערער תלמיד! האט דער לעהרער געשמייכעלט.

— איך האב געזאגט, אז איך וויל ווערען א דאקטאר, האט רב שלמה געסטארעט זיך גלייכוואַרטלען. נור גלייך האט ער ווידער אנגערוקט זיין געזיכט און אנגעהעבען רעדען וועגען די תנאים. ער האט זיך בעדונגען, אז אנדערהאלבען שעה אין טאג זאלל דער לעהרער פאר איהם לייענען און ערקלערען וויסענשאפטען. אויף דער ערשטער צייט האט ער זיך אויסגעקליבען פהיזיאלאגיע, סאציאלאגיע און מאטהעמאטישע געאגראפיע.

---

עס זענען פאראיבער טאג, וואכען און חדשים... את רב שלמה איז אומעדיג געווארען, שטארק אומעדיג. ער האט נאכט ניט געקאנט שלאפען, דען אפפעטיט פערלארען, מיט א מענשען ניט געקאנט רעדען — ער איז געווארען אוים מענש.

שלעכטע, ביטטערע מחשבות האבען איהם שטארק געדריקט

דֶעןּ כַּארְךְ. זִיעבְּצִיג יָאהר הָאט עֶר נִיט נוּר גָאר נִישְׁט גֶעוואוּסְט,
זָאנְדֶערן פֶּערְקֶעהרְט — עֶר הָאט אַלְץ קַאפּויר גֶעוואוּסְט, פֶּערְשְׁטַאנֶען
מִיט'ן קָאפְּף אַרָאבּ. אוּנ אִיהם הָאט זִיךְ גֶעדַאכְט, אַז וֶוענן עֶר
וָואלְט גֶעוואוּסְט אִין דֶער יוּגֶענְד דָאס, וָואס עֶר הָאט יֶעצְט דֶער-
וואוּסְט, וָואלְט עֶר גָאר אַנְדֶערְשׁ אָבְּגֶעלֶעבְּט זַיינֶע יָאהרֶען גָאר
אַנְדֶערֶע נוּטְצֶען גֶעבְּרַאכְט. אִין זַיין לֶעבֶּען הָאט עֶר קֵיין פְּלֶעקֶען
נִיט גֶעפוּנֶען; זַיין לֶעבֶּען אִיז גֶעוֶועזֶען אַ לַאנְגֶער צֶעטְטֶעל פוּן טובות
מֶענְשֶׁען — נוּר דִי טובות זֶענֶען בַּיי אִיהם יֶעצְט גֶעוֶועזֶען אִין דִי
אויגֶען אַ זֶאלְבֶע קְלֵיינִינְקֶע, אוּנְנוּטְצְלִיכֶע אוּנ אַ מָאהל גָאר שֶׁאדְלִיכֶע.
אַרוּם אִיהם, הָאט עֶר גֶעזֶעהֶען, אִיז קֵיין שִׁנוּי נִיט גֶעוָוארֶען פוּן דִי
טובות, וָואס עֶר הָאט גֶעטְהָאן. דֶער גְבִיר, בַּיי וֶועלְכֶען עֶר פְּלֶעגְט
שְׁלֶעפֶּען נְדָבות, אִיז נִיט אֶרְמֶער גֶעוָוארֶען פוּן זַיי, אוּנ דֶער קַבְּצָן,
צוּלִיעב וֶועלְכֶען עֶר הָאט דִי נְדָבות גֶעקְלִיעבֶּען, אִיז גֶעבְּלִיעבֶּען דֶער
זֶעלְבֶּער קַבְּצָן. עֶר האט טַאקִי דֶרְאֶמֶת'ן גֶערֶעכֶענְט דִי קַבְּצָנִים פַאר
לֶאכֶערְדִיגֶע זַאק אוּנ הָאט אִין זַיי גֶעשְׁטָאפְּט מֶעהר נִיט, וַוייל עֶר
הָאט אַ וַוייכֶע הַארְץ, וַוייל עֶר קָאנן נִיט זֶעהֶען אַ קְרוּמֶע עֲנִיָה,
אַטְרֶעהר, וֶועלְכֶע קַייקֶעלְט זִיךְ אִיבֶּער דֶער בְּלֵייכֶער צוּרָה פוּן דֶעם
הוּנְגֶערִיגֶען קַבְּצָן. בֶּעטְרַאכְטֶענְדִיג זַיין קְלֵיין-וֶועלְטִיל, וִוי עֶר הָאט עֶס
גֶעפוּנֶען אוּנ וִוי דָאס אִיז יֶעצְט, הָאט זִיךְ אִיהם גֶעדַאכְט, אַז יֶעצְט
אִיז עֶס אַ סַךְ אֶרְגֶער, חָאטְשׁ עֶר הָאט אִין אִיהם גֶעטְהָאן אַ סַךְ גוּטְס.
נִיטָא קֵיין רֶעכְטֶע גְבִירִים נִיטָא קֵיין רֶעכְטֶע קַבְּצָנִים: אַללֶע זֶענֶען
אַזוֹי הוּנְגֶערִיג. בַּיי אַללֶעמֶען בַּייסֶען אַזוֹי דִי הֶענְד — אַז נִיט שְׁטֶעלל
אוּנ נִיט לֵייג; דִי צַייטֶען וֶוערֶען אַלְץ שְׁוֶוערֶער. דָאס וֶועלְטְל אֶרְמֶער.
יֶעצְט פֶערְשְׁטֶעהט עֶר גוּט דִי סִבּוֹת פוּן אַלְץ, יֶעצְט זֶעהט עֶר פַאר
זִיךְ אַלְץ אַזוֹי קְלָאר, וִוי אויפ'ן לַיאדָאן — עֶר וָואלְט דָאס אֲפִילוּ
אַללֶעמֶען קָאננֶען גֶעבֶּען צוּ פֶערְשְׁטֶעהן נוּר יֶעצְט... יֶעצְט אִיז
שׁוֹין שְׁפֶּאט—נִיטָא שׁוֹין דִי כּוחות,

עס האט איהם שטארק פערדראסען זיין אבגעלעבטער לעבען. ווענן ער וואלט קיין טהוער, קיין „קהל-שער טאטע" ניט געוועזען, וואלט איהם אפשר ניט אזוי פערדריסען. אבער ער האט דאך יא געהאט גרויסע כוחות אויף זיין אקהל'שער טהוער און די כוחות האט ער פאלש, בלינד בענוטצט!.. און רב שלמה איז מיט יעדען טאג אלץ אומעדיגער געווארען.

ער האט שוין אנגעהויבען פיהלען א ווייטאג אין הארצען א שטעכעניש אין זייט און א ברענגעניש אין מוח און איז אלץ געלעגען אין זיינע מחשבות. רב שלמה האט געפילאזאפירט.

— עמיצען נוטצען ברענגען, האט ער געטראכט, הייסט מאכען אין יענעמ'ס לעבען א שנוי צו גוטען. מען דארף העלפען איין מאהל פאר אללע מאהל אז יענער זאלל מעהר ניט דארפען אנקומען צום אנדערנס הילף. דאס קאנן מען דערגרייכען, מאכענדיג א מענשען וויסענד, געלעהרנט אז ער זאלל אלליין שטאנדיג וויסען, אין וואס ליגט זיין הילף.

אזוי וואלט ער אבגעארבייט זיין לעבען, ווענן ער וואלט לאנג אזוי פערשטאנענען. א, וואס פאר א נוטצען ער וואלט געבראכט! און א שוידער לויפט איבער איבער זיין לייב. ניט איינמאהל האבען זיך איהם אנגעשטעללט טרעהרען אין פערדראס.

---

אין שטאדט איז קיין סוד ניט געוועזען אז דער אלטער רב שלמה זיטצט אב טאג-טעגליך מיט דעם לעהרער חפץ צוויי-דריי שעה, נור וואס טהוען זיי, האט קיינער ניט געוואוסט. מען האט אפילו חוקר ודורש געוועזען ביי דער דיענסט נור געה וויים ביי א„גלאמפ מיט צוויי אויגען" א; וואס מען פרעגט ביי איהר, זאגט זי „איך ווייס ניט"!.. מען האט זי טאקי געיידעלט דערפאר.

— ווי ווייסט דו עֶפּעס ניט, גְלָאמְפּ, האט מען איהר געשריען, דו ביזט דאך עֶפּעס אין שְׁטוּב?!..

— זעהט, קריינעלעך מיינע, וואס האט מען זיך צו מיר צוּגעטשעפּעט?!.. פּלענט די דיענסט אויסשרייען, איך זיץ אין קיך, ואלל איך וויסען, זיי זאלן זיי טרוּען?.. אַז איך דערלאנג איהם טהע, זעה איך, זיי רעדען אוּנ נחר!..

— בְּהֵמָה! פּלענם סען איהר ענטפערן. מען האט זי געלאזען אונ גענומען זיך צו די אייניקלעך. די קינדער האבען אויך גאר נישט געוואוסט.

— זיי טרינקען טהע, האבען זיי געאנטפערט אויף דער פראגע. וואס טהוט דער זיידע מיט דעם לעהרער.

— אבער וואס רעדען זיי, נארעלעך? האט מען זיי געפרעגט.

— מיר האבען ניט געהערט. האבען די קינדער ערענסט געאנטפערט.

מען האט געפּרוּבט זיך מיט דער אַלטער. „מיין דאגה!” האט זי געאנטפערט.

מען האט געפּרוּבט אריינגעהען צו רב שלמה'ן מכּלומרשט וועגען איין ענין, נור דאס האט אויך ניט געגאלטען. לסוף האבען עטליכע נאהענטע גוטע פריינד געפרעגט מאקי ביי רב שלמה'ן אַלליין.

— מאלע וואס מען רעדט, האט ער זיי געאנטפערט.

— פּאַרט וואס?

— מען רעדט!

דערביי איז געבליבען. דער הירוש איז זיך פערהאנדערגעגאנגען אין שטאדט. נאטירליך איז קיינער ניט געוועזען צופריעדען מיט איהם. נור ביסלעכוויים, ביסלעכוויים האט ער אללעמען בערוהיגט.

— מאקי וואס, רב שלמה האט עפּעס ניט וואס צו רעדען? האט מען גערעדט — דאס איז דאך אַ מדינה חכם!.. חפצלען דעם

אַפּקורוס מוז זַיין בַּיי איהם גֶאוֹלֶם און וַוארֶעם!..

מֶען הָאט זיך פָארגֶעשְׁטֶעללְט. אַז מִסְתָּמָא רֶעדֶען זַיי וֶועגֶען חֲקִירָה, און רֶב שְׁלֹמֹה גִיט שוין „חֲפֶצְלֶען" די וֶועלְט צו זֶעהֶען — און מֶען הָאט זיך בֶּערוּהִיגְט.

אַז רֶב שְׁלֹמֹה איז מִיט אַ מָאהל אוּמֶעדִיג גֶעוָוארֶען, איז קֵיינֶעם נִיט אַיינְגֶעפַאללֶען אִין קָאפְּף אַז דָאס זָאלל הָאבֶּען אַ שַׁיְיכוּת מִיט די גֶעשְׁפְּרֶעכֶן. די אַלְטִינְקֶע חַנָה רִבְקָה הָאט גֶערֶעכֶענְט, אַז דָאס איז דֶער מָאגֶען, פון וֶועלְכֶען עֶר הָאט כָּל יָמָיו גֶעלִיטֶען, און אֶפְשַׁר הָאט עֶר זיך צוגֶעקִיהלְט — אויף דֶער אֶלְטֶער דַארְף מֶען טַאקִי אַ סַך הָאבֶּען. „נור וֶוער וֵוייס איהן, אַז רֶעדֶען, רֶעדְט עֶר נִיט", הָאט זיך די אַלְטִינְקֶע גֶעקְלָאגְט און הָאט גֶעטְרַאכְט, וָואס זָאלל זַיין בֶּעססֶער: רִיצֶען-אויל צו גֶעטְרִיקֶענְטֶע מַאלִינֶעס.

אַללֶע אַנְדֶערֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אַז עֶר הָאט אַ פְּנִים שוין מוֹרָא גֶעקְרָאגֶען פַאר דֶעם טויד, און מֶען הָאט איהן שְׁטַארְק בֶּעדויעֶרְט.

„דָאס איז אַזַא קְרֶאנְק, וָואס קֵיין דָאקְטָאר קָאנן צו איהר נִיט הֶעלְפֶען", הָאט מֶען גֶערֶעדְט און מִיט רַחֲמָנוּת גֶעשָׁאקֶעלְט די קֶאפְּף. מֶען פְּלֶעגְט מִיט איהם אֲפִילוּ אַ סַך רֶעדֶען, נִיט לָאזֶען איהן אַללֵיין זִיטְצֶען מִיט זַיינֶע מַחֲשָׁבוֹת, נור עֶס הָאט נִיט גֶעהָאלְפֶען. עֶר פְּלֶעגְט נָאך אוּמֶעדִיגֶער וֶוערֶען און פְּלֶעגְט אַ וָוארְט נִיט אַרויסְרֶעדֶען.

— אַיין עֲבֵרָה אַזַא מֶענְשֶׁען, הָאט מֶען גֶערֶעדְט און גֶעזִיפְצְט, עֶר שְׁטַארְבְּט נֶעבַּאך אָב — אַ מֶענְשׁ הָאט זיך אַרַיינְגֶעלָאזֶען אין טְרַאכְטֶענִישׁ וֶועגֶען טויד.

— און דַאכְט זיך, וָואס דַארְף עֶר מוֹרָא הָאבֶּען פַאר'ן טויד? הָאט מֶען זיך גֶעוואונְדֶערְט. אַז עֶר הָאט מוֹרָא, דַארְפֶען מִיר שוין וָואס?.. אָח, אָח, אָח!.. מִיר הָאבֶּען עֶפֶּעס אויך וָואס צו בֶּעוַויינֶען אויף יֶענֶער וֶועלְט?!..

און רֶב שְׁלֹמֹה הָאט גֶעהַאט אַ סַך וָואס צו בֶּעוַויינֶען... יודֶען

האָבּען זיך געוואונשען האָטש אַ צעהנט חלק פון זיין עולם הבא, און קריסטען האָבּען געזאָגט, אַז ער איז אַ וואַהרער קריסט מיט זיין מענשענליעבּע און האָבּען איהם אויך פערשפּראָכען איין אָרט אין גן-עדן. „רב שלמה איז די גוטסקייט אַלליין”, פלעגט מען רעדען אין שטאָדט. דאָס גאַנצע לעבּען האָט ער זיך בּעשעפטיגט נור מיט קהלשע זאַכען. „דאָס איז מיין לעבּען, מיין חיות, פלעגט ער רעדען צווישען זיינע נאָהענטע פריינד, דאָס דאַרף איך האָבּען ווי אַ פיש וואַססער”. אין אַללע צדקה-חברות איז ער געוועזען אַ משלען, און די תּלמוד תּורה איז געוועזען אין זיין הויז און האָט זיך אויפגעהאַלטען כּמעט אין גאַנצען אויף זיינע הוצאות. אין שטאָדט האָט מען איהן גערופען „דער קהלשער טאַטע”, און אַללע אומגליקליכע, אָרמע, פינסטערע און בּיטטערע הערצער האָבּען איהן ניט אויפגעהערט צו בּענשען.

רב שלמה איז געוועזען דער איינציגער מענש אין שטאָדט, וואָס האָט כּמעט קיין שונאים געהאַט, און אפשר איינער אין אַ מדינה. גבירים האָבּען אפילו געראָד אונטערגעבּורטשעט אויף איהן — ער האָט שוין צופיעל אָנגעריהרט זייערע בּייטלען, צופיעל געצאַפּט בּיי זיי אויף צדקה — האָבּען זיי איהן גערופען „דער אַלטער נאַרר”, „דער אַלטער פערד”, אַלליין ניט גלויבּענדיג זייערע וואָרטער; פלעגען לאַכען פון איהם, מאַכען חוזק, אַלץ נאַטירליך אונטער די אויגען; אָבּער קיין שונאים זענען זיי איהם ניט געוועזען. פון פולען האַרצען האָבּען אַללע פערגינט איהם זיין שטיללען, רוהיגען לעבּען.

רב שלמה איז געבּאָרען געוואָרען און האָט אָבּגעלעבּט זיינע יאָהרען אין רייכטהום. אַראָבּטרעטענדיג פון זעהר גוטען קאָסט, האָט ער געמאַכט פאַר זיך אַ געשעפט; דאָס ווייבּ איז געוועזען די עקרת הבּית, די פיהרערקע, און איהם האָט דאָס גאַנצע לעבּען געגליקט.

חַתוּנָה מַאכֶענְדִיג זַיין לֶעצְטֶען קִינְד אוּנ בְּלַייבֶּענְדִיג „דְיֶער אִי בַּאבַּא", הָאט עֶר אָבְּגֶעשְׁנִיטֶען פוּן גֶעשֶׁאפְט אוּנ אָבְּגֶעלֶעבְּט זַיינֶע לֶעצְטֶע יָאהרֶען פוּן גְרֵייטֶען.

אָהן קִנְאָה, אָהן שִׂנְאָה פוּן דִי אַרוּמִיגֶע, הָאבֶּענְדִיג נַחַת פוּן אַללֶע זַייטֶען, הָאט זִיךְ רֶב שְׁלמה גֶעלֶעבְּט, אוּנ דָאךְ אִיז עֶר מִיט אַ׳מָאהל אוּמֶעדִיג גֶעוָוארֶען?!.. נִיט אַנְדֶערְשׁ מַאכִי, אַז דֶער טויד שְׁרֶעקְט אִיהן,

---

נוּר רֶב שְׁלמה הָאט אִין גִיכֶען אַ מַאךְ גֶעטְהָאן מִיט דֶער הַאנְד אויפ׳ן עָבַר, אויף דִי פֶערְשְׁוואוּנְדֶענֶע צַייט. מִיט אַ קְרֶעכְץ הָאט עֶר זִיךְ גֶעזָאגְט, אַז וָואס עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, אִיז שׁוין פֶערְ-פַאללֶען: יוּנְג וֶועט עֶר שׁוין נִיט וֶוערֶען. עֶס הָאט אִיהם פוּן דֶעם גֶעדַאנְק נָאךְ אַ מָאהל אַ שׁוידֶער גֶעטְהָאן, נָאךְ אַ מָאהל אַ שְׁטָאךְ גֶעטְהָאן אִין זַייט, אַז דֶער אָטְהֶעם הָאט פֶערְחַאפְּט, נוּר רֶב שְׁלמה הָאט זִיךְ נִיט אָבְּגֶעשְׁטֶעללְט אוּנ הָאט גֶעטְרַאכְט וַוייטֶער. „מֶען דַארְף יֶעצְט עֶפֶּעס טְהוּן", הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ זִיךְ מִיט אַ טָאן, ווִי אֵיינֶער, וֶועלְכֶער פֶערְלִיערְט פְּלוּצְלִינְג דָאס גַאנְצֶע קַאפִּיטַאל, אויף וֶועלְכֶען עֶר הָאט אָבְּגֶעאַרְבֵּייט זַיין גַאנְצֶעס לֶעבֶּען אוּנ יֶעצְט דַארְף עֶר אָנְהֶעבֶּען צוּרִיק מִיט דִי פִּינְף פִינְגֶער.

אוּנ רֶב שְׁלמה הָאט אָנְגֶעהֶעבֶּען. עֶר הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען צוּ דֶער תַּלְמוּד תּוֹרָה — מִיט גַשְׁמִיוּת, מִיט קְלֵיידֶער אוּנ עֶססֶען, הָאט עֶר דִי קִינְדֶער שׁוין לַאנְג בֶּעזָארְגְט; יֶעצְט הָאט עֶר זִיךְ גֶענוּמֶען צוּ דִי רוּחְנִיוּת, צוּ בִּילְדוּנְג מִיט עֶרְצִיעהוּנְג. עֶר הָאט אויסְגֶעבִּיטֶען אַללֶע אַלְטֶע מְלַמְדִים אוּנ גֶעדוּנְגֶען יוּנְגֶע לֶעהרֶער אֲפִילוּ אויף דִי יוּדִישֶׁע זַאכֶען. עֶר הָאט גֶעוָואלְט מַאכֶען פוּן דֶער תַּלְמוּד תּוֹרָה אַ קְלֵיינֶע אוּנִיוֶוערְזִיטֶעט. עֶר הָאט זִיךְ שׁוין פָארְגֶעשְׁטֶעללְט, אַז דָאס הָאט אִיהם גֶעלוּנְגֶען, אוּנ עֶר פֶערְמַאכְט דִי אויגֶען, לֵייגְט אַרויף דִי הַאנְד אויפ׳ן שְׁטֶערְן, אוּנ אַ זִיססֶער, גְלִיקְלִיכֶער שְׁמֵייכְעל אֶפְּפֶענְט

אִיהם פֶערְאַנְדֶערְ דִי לִיפֶּען. עֶר שְׁטֶעלְלְט זִיךְ פָּאר, וָואס פַאר אַ נוּטְצְלִיכֶע מֶענְשֶׁען עֶס וֶועלֶען דָאס אַרוֹיסְגֶעהן פוּן דֶער תַּלְמוּד תּוֹרָה!.. יֶעצְט וֶועט עֶר קָאנֶען רוּהִיג שְׁטַארְבֶּען, טְרַאכְט זִיךְ אִיהם. נוּר נֵיין! עֶר וִוילל נִיט שְׁטַארְבֶּען. עֶר וִוילל לֶעבֶּען! עֶר וִוילל לֶעבֶּען אוּנ אַרְבֵּייטֶען... אַרְבֵּייטֶען... אַרְבֵּייטֶען... עֶר וִוילל נִיט אוּנ קָאנְן נִיט זֶעהֶען אַ סוֹף אִין זַיין לֶעבֶּען! רֶב שְׁלמֹה וֶוערְט אַלְץ פְרֶעהלִיכֶער לֶעבֶּעדִיגֶער, פְרִישֶׁער. אַרְבֵּייטֶען... אַרְבֵּייטֶען... בִּיז...

אִין שְׁטָאדְט אִיז גֶעוָוארֶען אַ מְהוּמָה. עֶס הָאט גֶערַעשְׁט אִין דִי שוּהלֶען, אִין דִי גַאסֶען, אִין דִי הַייזֶער. חֲסִידִים אוּנ נִקְרוּמֶע רוּקֶענְס מֶענְשֶׁען. וֶועלְכֶע מֶען הָאט קַיין מָאהל נִיט גֶעזֶעהֶען אוּנ גֶעהֶערְט, זֶענֶען דָא גֶעוָוארֶען דִי הוֹיפְּט בַּעַל־תְּקִיעָה'ס. „סְטַייטְשׁ מַאכֶען דִי קִינְדֶער פַאר גוֹיִם!.. סְטַייטְשׁ פוּן דֶער תַּלְמוּד תּוֹרָה וֶועט עֶר אַ שְׁקָאלֶע'לֶע מַאכֶען?!.. דָאס וֶועלֶען מִיר נִיט דֶערְלָאזֶען, עֶס מֶאג זִיךְ דִי וֶועלְט אִיבֶּערְקֶעהְרֶען, עֶס מֶאג זַיין וָואס עֶס וִוילל!..“

רֶב שְׁלמֹה הָאט גֶעהֶערְט דִי גֶעשְׁרַייעֶן אוּנ גֶעמַאכְט זִיךְ וִוי עֶר הֶערְט נִיט. עֶר הָאט גֶעמֵיינְט, אַז בַּיי דֶעם שְׁרַייעֶן וֶועט מֶען בְּלַייבֶּען, וַוייל קֵיינֶער וֶועט נִיט הָאבֶּען דִי הֶעָזָה שְׁטֶעללֶען זִיךְ עֶנְטְגֶעגֶען אִיהם.

— וָואס זָאגְט אִיהר הָא? הָאט עֶר גֶערֶעדְט צוּ דִי לֶעהְרֶער. דֶער פַאנַאטִיזְמוּס אִיז שׁוֹין אַרוֹיסְגֶעקְרָאכֶען!..

— מֶען וֶועט הָאבֶּען מִיט אִיהם וָואס צוּ טְהוּן, הָאט אַ לֶעהְרֶער גֶעזָאגְט.

— עֶ, נַארִישְׁקֵייט! הָאט רֶב שְׁלמֹה זִיכֶער אַרוֹיסְגֶערֶעדְט.

נוּר שַׁבָּת צוּם לֵייעֶנֶען הָאט עֶר דֶערְזֶעהֶען, אַז עֶר הָאט אַ טָעוּת גֶעהַאט: אַללֶע גֶעגְנֶער הָאבֶּען זִיךְ צוּנוֹיפְגֶעקְלִיבֶּען אוּנ מֶען הָאט מְעַכֵּב גֶעוֶועזֶען דִי קְרִיאָה. זֵיי הָאבֶּען זִיךְ פֶערְקְלִיבֶּען אוֹיפ'ן בִּימָה אוּנ הָאבֶּען אָנְגֶעהֶעבֶּען שְׁרַייעֶן אַללֶע מִיט אַ מָאהל. מֶען הָאט נִיט

געקאנגט פערשטעהן, וואס זיי רעדען, מען האט נור געהערט איינציגע ווארטער אונ אבגעריסענע פראזען. „ניטא!..“ „מיר וועלען ניט דערלאזען!..“ „פאר גוים מאכען!..“

רב שלמה איז געזעסען אויף זיין ארט אין מזרח וואנד, האלטענדיג די האנד אויפ'ן שטאנדער, וואו עס איז געלעגען זיין חומש. ער האט אראבגענומען די ברילען פון די אויגען, א קוק געטהאן אויפ'ן בימה אונ גלייך צוריק אנגעטהאן זיי אונ האט שוין ווייטער געקוקט אין חומש. אויפ'ן בימה האט מען דאס דערזעהען אונ מען האט זיך גענומען האבער שרייען. רב שלמה איז אויפגעשטאנגען פון ארט, האט אראבגענומען דען טלית פון זיך אונ גענומען געהען צו דער טהיר, נור אין דער מינוט האט ער דערהערט, ווי איינער האט אויסגעשריען, א פאטש טהועגדיג אן בימה: „על פי דעת הרבנים והקהל אונ אין דעם נאמען פון דער היילינער תורה איז מען גוזר, אז מען זאלל ארויסנעהמען די קינדער פון דער תלמוד תורה, ווייל אין דעם מקום התורה האט זיך פערקליעבען די טומאה“...

רב שלמה איז בלייך געווארען, אונ עס האט איהם א ריס געטהאן אין הארצען. מיט אויסגעגלאטצטע אויגען אונ איין אפפענעם מויל האט ער געקוקט אויפ'ן בימה.

„מען ווילל פון די קינדער גוים מאכען, האט יענער דערוויילע געשריען אויפ'ן בימה, אונ גוים האבען מיר, דאנק גאט, גאר א סך — כן יאבדו, ימח שמם וזכרם!.. גוים פעהלט אונז ניט — עס קומט צו יעדען טאג!.. די רשעות וואקסט, אונ גאט ווייס, וואס פון יודען וועט ווערען!.. ווער עס האט נור גאט אין הארצען אונ איז חס על כבוד התורה, דארף זעהען, אז די קינדער זאללען אויפהערען צו־געהען אין דעם מקום סכנה!..

רב שלמה האט געוואללט אויסשרייען „שווייג, דו שיינאץ!“

דִי וֶוארְטֶער הָאבֶּען זִיךְ אִיהם שְׁיער נִיט אַרָאבְּגֶעקַייקֶעלְט פוּן צוּנְג, נוּר עֶר הָאט זִיךְ אַיינְגֶעהַאלְטֶען אוּנ אָנְגֶעהֶעבֶּען צוּגֶעהן וַוייטֶער.

„וֶוער עֶס וֶועט פָאלְגֶען, תָּבוֹא עָלָיו בְּרָכָה, הָאט יֶענֶער וַוייטֶער גֶעשְׁרִיעֶן, אוּנ וֶוער עֶס וֶועט אַרִיבֶּערְגֶעהן דִי גְּזֵרָה, סוֹפוֹ לְגֵיהִנוֹם אִין אֵיינֶעם מִיט דֶעם יָרָבְעָם בֶּן נְבָט וָואס זִינְדִיגְט אוּנ מַאכְט זִינְדִיגֶען אַללֶעמֶען!..״ בַּיי דִי לֶעצְטֶע וֶוארְטֶער הָאט דֶער שְׁרַייֶער אַ וָוארְף גֶעטְהָאן אַ פַייֶערְדִיגֶען בְּלִיק אוֹיף רֶב שְׁלֹמֹה׳ן.

אִין שׁוּהל הָאט עֶפֶּעס אַללֶעמֶען אַ טְרֶאסֶעל גֶעטְהָאן פוּן דִי לֶעצְטֶע וֶוארְטֶער, אוּנ מֶען הָאט אָנְגֶעשְׁטֶעללְט דִי אוֹיגֶען אוֹיף רֶב שְׁלֹמֹה׳ן, וַוארְטֶענְדִיג פוּן אִיהם, אַז עֶר וֶועט אֶנְטְפֶערְן דֶעם שְׁרַייֶער. מֶען הָאט זִיךְ גֶערִיכְט אוֹיף אַ הַייסֶער סְצֶענֶע. נוּר רֶב שְׁלֹמֹה הָאט גֶעשְׁמֵייכֶעלְט. עֶר הָאט רוּהִיג אָבְּגֶענוּמֶען דֶעם טַלִית דֶעם שַׁמָּשׁ, גֶעזָאגְט דִי אַרוּמִיגֶע „אַגוּטֶען שַׁבָּת״ אוּנ אִיז אַרוֹיס פוּן שׁוּהל. אַללֶע זֶענֶען גֶעבְּלִיעבֶּען שְׁטֶעהן נִשְׁתּוֹמֵם׳דִיגֶע.

---

דֶעם שַׁבָּת אִיז רֶב שְׁלֹמֹה גֶעוֶועזֶען דֶער רוּהִיגְסְטֶער מֶענְשׁ אִין שְׁטָאדְט. עֶר אִיז בַּיי זִיךְ זִיכֶער גֶעוֶועזֶען, אַז דִי גְּזֵרָה וֶועט אוֹיף קֵיינֶעם נִיט וִוירְקֶען. „אוֹיף אַזוֹי פִיעל נַארִישׁ אִיז מֶען נָאךְ נִיט״, הָאט עֶר גֶעטְרַאכְט, אוּנ גְלַאט אִיהם וֶועט מֶען עֶס נִיט טְהוּן. עֶר אִיז גֶעזֶעסֶען אוּנ הָאט גֶעמַאכְט פְּלֶאנֶער, ווִי עֶר וֶועט דוּרְכְפִיהרֶען דִי לֶעהרֶע אִין תַּלְמוּד תּוֹרָה. אוֹיפ׳ן הַארְצֶען אִיז אִיהם גֶעוֶועזֶען אַזוֹי גְרִינְג, אַז עֶר הָאט מִיט פֶּערְגְנִיגֶען אוּנְטֶערְגֶעזוּנְגֶען.

דִי אַלְטֶע הָאט גֶערָאד אוּנְטֶערְגֶעבּוּרְטְשֶׁעט. אִיהר גַאנְץ לֶעבֶּען אִיז זִי גֶעוֶועזֶען צוּפְרִיעדֶען מִיט אִיהר מַאנן, מִיט זַיינֶע מַעֲשִׂים, אוּנ הָאט אִיהם אִין אַלְץ גֶעהָאלְפֶען, הָאפֶּענְדִיג, אַז אוֹיף יֶענֶער וֶועלְט וֶועט זִי בְּלִי סָפֵק גֶענִיסֶען פוּן זַיין חֵלֶק עוֹלָם הַבָּא. יֶעצְט

האט זי מיט שרעק געטראכט, אז ער וויל פערשפּיעלען זיין וועלט...

— סטייטש, סטייטש, סטייטש! האט זי גערעדט און בעגאסען זיך מיט טרעהרען, ווי קומט עס צו דיר?!.. פון וואנען ביזט דו דאס מיט א מאהל אזוי געווארען?!..זיי זענען ניט גערעכט, וואס? געמען קינדער און מאכען פאר גוים!..

רב שלמה האט געשמייכעלט. „ווי גלויבסט דו האט ער איהר געזאגט, איך בין אויף דער עלטער משוגע געווארען?.. זיי זיכער, איך בין ביי'ם שכל, און דו וועסט דיין ארט אין גן עדן ניט פערליערען"...

די אלטע האט זיך ניט בענוגענט מיט דעם תירוץ און ניט אויפגעהערט צו בורטשען און צו וויינען.

אין שטאדט האט זיך אויך געטהאן: עס האט געקאכט, גערודערט; אומעדום האט מען גערעדט וועגען רב שלמה'ן. קיינער האט ניט געקאנט פערשטעהן, וואס איז דאס מיט איהם פּלוצלינג געווארען.

— דאס איז חפץ'לס מלאכה! ערקלעהרט אייגער אין א ראדעל.

— און זעהט! דאכט זיך, רב שלמה איז אזא חכם און אזא למדן, אזא יודע ספר, און פונ' דעסטוועגען האט איהן חפץ'ל, ימח שמו, געקאנט איבערדרעהען! האט זיך איין צווייטער געוואונדערט.

— הלמאי אלישע בן אבויה?!.. האט אונטערגעכאפּט דער ערשטער מיט דעם ניגון פון גמרא און געדרעהט מיט'ן פינגער. אזא תנא איז געווארען אחר!.. שייכות צוזאגען?!.. ארוח שטות!.. מאלע עס פליהט ארין א רוח שטות!.. מען העבט אן קריכען אין די הויכע דרכים, אין אויבער המצאות, און דער שטן המשחית, א מין חפץ'ל, איז אונטער זייט — איז אט איז אייך!.. מעהר דארף מען שוין ניט!..

אללעמען האט זיך עפּעס די אויגען געאפּפענט, און אללע האבען אין איין קול ארויסגערעדט: טאקי!..

אין אַ צווייטען ראָדעל האָט זיך געהיטצט נאָך אַ לַמדן און געגעבען צו פערשטיין, אַז עס איז ניטאָ וואָס צו וואונדערען זיך, וואָס אַזאַ אַלטער מאַנן איז מיט אַ מאָהל אַראָב פון גלייכען וועג.

— הַלמַאי יוחנן כֹּהן גָדול, האָט ער גערעדט, וועלכער איז אַכציג יאָהר אָבגעוועזען אַ כֹּהן גָדול און לסוף איז ער געוואָרען אַ צדוקי?!..

אֶלָא וואָס, ווי ווערט דאָס, וועט איהר פרעגען?.. איז דאָס טאַקי אַ קלאָטץ קַשיָא!.. וואָרום צו וואָס איז דער יֵצר הָרַע?!.. יוחנן כֹּהן גָדול איז אַכציג יאָהר אָב אַ כֹּהן גָדול און ווערט אַ צדוקי!.. האָט זיך דער רעדנער פעראַנדערגעשאָקעלט, אַריינגחאַפּענדיג די באָרד אין דער האַנד — האָט ער דאָס אָבגעקלעהרט עפּעס מיט'ן שֵׂכל?!..

אֶלָא ניין!.. איז דאָס דאָך טאַקי דער יֵצר הָרַע!..

און אין דעם ראָדעל איז אויך קלאָר געוואָרען די מַעֲשֶׂה מיט רב שלמה'ן.

אין אַ דריטטען ראָדעל האָט איינער ניט דערלאָזען דען געדאַנק, אַז רב שלמה איז מיט אַ מאָהל איין אַפּקורוס געוואָרען.

— אַי געהט האָט ער גערעדט, דאָס איז מעהר ניט, ווי אַ משוגעת, אַ מָרָה שחוֹרָה!.. ניט מעהר!.. מען האָט שוין לאַנג געקאַנט בעמערקען, אַז מיט איהם איז ניט גלאַט... ער איז עפּעס אַ צייט אומגעגאַנגען, ווי אַ נאַכטיגער, געוועזען צוטראָגען, האָט ניט געוואוסט, אויף וואָסער וועלט ער איז... דאָס איז גאַר פָּשוּט, דער מֹחַ האָט זיך איבערגעקעהרט...

— ער איז, דאַכט זיך, דער זעלבער, וואָס פריהער, האָט זיך אַ צווייטער אָבגערופען.

— איז וואָס ווילסט דו, אַז ער זאָלל אומלויפען אַ הוילער איבער די גאַססען!?.. האָט דער ערשטער אָבגעענטפערט מיט כַּעַס.

אַללע האָבען געמאַכט מיט די קאָפּף, ווי זיי וואָלטען זאָגען:

„נו, אֶפשַר ביזט דו גערעכט".

און אומעדום, אין אַללע ראַדלעך איז געבליעבען, אַז די קינדער טאָר מען ניט לאָזען אין תּלמוד תּורה.

— אַפילו אַ רחמנות אויף די קינדער, פלעגט זיך איינער ערגיץ אָברופען, אין תּלמוד תּורה אונטער זיין השגחה האָט זיי גאָר נישט אָבגעפּעהלט, און גלאַט, וואָס וועט פון זיי ווערען? זיי וועלען אַרומלויפען איבער די גאַססען...

— איז וואָס? זאָלל מען זיי, הייסט דאָס, מאַכען פאַר גוים? פרעגט דער איינער בעקומען איין אַנטפער.

— יאָ, נו, איך פערשטעה, האָט ער שוין גערעדט מיט חרטה.





ביי זיך פון פענסטער האָט רב שלמה געזעהען די ראַדלעך, געזעהען, ווי יודען וואַרפען זיך, שאָקלען זיך, בייסען די באָרד, דרעהען מיט'ן פינגער, און ער האָט געשמייכעלט.

פאַר נאַכט זענען געקומען צו איהם די לעהרער און האָבען איהם דערצעהלט וואָס מען רעדט אין שטאָדט און ווי אַללע האַלטען, אַז מען זאָלל די קינדער ניט לאָזען אין תּלמוד תּורה; רב שלמה איז אַ ביסל אומרוהיג געוואָרען. נור ער האָט זיך געשטאַרקט און זיך און זיי געטראָסט.

— ע, האָט ער געזאָגט, זיי וועלען בעססער ווערען, נישט קשה!.. זיי וועלען דאָס מיר ניט טהון!..

---

זונטאָג האָט ער געטראָפען פיער ליידיגע ווענד אין תּלמוד תּורה. אַפילו צוויי יתומים וועלכע האָבען ניט געהאַט אין שטאָדט ניט קיין קרוב און ניט קיין גואל, זענען אויך ניט געקומען. מען האָט זיי אָנגעשראָקען אָנגערעדט און ניט געלאָזען געהן, געפינגענדיג

פאַר זיי אַללע „טאג" — זיי זאָללען ניט דאַרפען שטאַרבען פון הונגער.
רב שלמה האט זיך פערלאָרען. מיט אַ פערשולדיגטען בליק האט ער געקוקט אויף די לעהרער, ווי ער וואָלט זיך געשעמט פאַר זיי... און גלייך האט מען געקאָננט איבערלעזען אין זיין בליק די קשיא „וואס טהוט מען יעצט?". ער האט זיך פלוצלינג אַ חאפ געטהאן.
— ניין, האט ער אויסגעשריען, זיי וועלען ביי מיר ניט אויסםיהרען!.. און איז אַרויסגעלאָפען האסטיג פון דער תלמוד תורה.
ער איז געלאָפען פון שטוב צו שטוב צו די עלטערן און קרובים פון די קינדער. אומעדום האט מען איהן בעגעגענט מיט קרומע בליקען, און ער האט נישט געפועלט: אַללע האבען זיך פעסט געהאַלטען „ניין".
— איהר דאַרפט האָרען, וואס נאַרראָנים האבען אייך אָנגערעדט? האט רב שלמה געטענהט, ביי אייך איז רעכט, אַז איך וויל צולאָזען מאַכען יודישע קינדער?.. איהר קעננט דען מיך ניט, דען גרויסען גוי, דען רשע מרושע?!.. זייט ניט קיין קינדער, חלעבען!.. שיקט, שיקט די קינדער אין תלמוד תורה, האט ער זיך געבעטטען, איהר וועט זעהען, איהר וועט קיין חרטה ניט האבען!.. און ער האט זיי אָנגעהעבען מאָלען אַ בילד, וואס פאַר אַ מענשען די קינדער וועלען אַרויס.
עס האט אָבער ניט געהאָלפען.
— מיר דאַרפען די וועלט ניט פערזאָרגען, האט מען איהם געאָנטפערט, מיר האבען דאָך אָבגעלעבט אָהן דעם!.. ווי מיר לעבען, אַזוי וועלען לעבען אונזערע קינדער... פאַר גוים זענען מיר זיי ניט מחויב צו מאַכען!..
— מיר ווייסען, מיר ווייסען, אונז דאַרף מען קיין מעשות ניט דערצאָהלען, פלעגט מען איהם סתם אָנטפערען אין איין אַנדער אָרט.
— מיר וועלען אונזערע נשמות ניט פערקויפען, פלעגט מען

איהם אֶנטְפֶערן אין אַ דְריטטֶען אָרְט.

— ווי הֵייסְט, און איךְ וויל דָאס מַיין נְשָמָה פֶערְקוֹיפֶען? פְּלֶעגְט זִיךְ אַ חַאפּ טְהוּן רֶב שְלֹמה.

— מיר וֵוייסֶען?.. וֶוער זָאגְט עֶס דֶענְן אַייךְ? הָאט מֶען גֶערֶעדְט מִיט אַ זִיסֶען שְמֵייכֶעל.

מִיער און עֶרְשְלָאגֶען איז עֶר גֶעקוּמֶען אַהֵיים. דִי אַלְטִינְקֶע הָאט זִיךְ עֶרְשְרָאקֶען, אַ קוּק טְהוּעֶנְדִיג אויף אִיהְן. „גאטוּנְיוּ! הָאט זִי אויסְגֶעשְרִיעֶן, פֶערְבְּרֶעכֶענְדִיג דִי הֶענְד. וָואס איז דָאס מִיט דִיר?!.. אויף דִיר איז דָאךְ קַיין פָּנִים נִיטָא!..”

דִי לֶעהְרֶער, וֶועלְכֶע הָאבֶען אִיהְן עֶרְוַוארְטֶעט, הָאבֶען שוֹין גָאר נִישְט גֶעפְרֶעגְט און נוּר פֶערְדַאגֶעהט גֶעקוּקְט אויף זַיין שְרֶעקְלִיכֶען אויסְזֶעהֶען. עֶר הָאט זִיךְ אַרָאבְגֶעלָאזֶען אויף זַיין פַאטֶער-שְטוּהל.

— נִישְט, הָאט עֶר אַרוֹיסְגֶערֶעדְט, קוּקֶענְדִיג אָן אַ זַייט, און מַיינֶענְדִיג דִי לֶעהְרֶער.

— נִישְט איז נִישְט, הָאבֶען זֵיי אִיהְן גֶענוּמֶען טְרֶאסְטֶען, וֶועלֶען מיר זֶעהֶען עֶפֶּעס אַנְדֶערְש טְהוּן, אַנְדֶערֶע קִינְדֶער קְלַייבֶּען אָדֶער אויפְוַוארְטֶען אַ וַוייל, וֶועלֶען זִיךְ דִי אויךְ צוּרִיקְבֶּעטֶען.

רֶב שְלֹמה הָאט זֵיי נִיט גֶעהֶערְט. עֶר הָאט אַרָאבְגֶעלָאזֶען דֶען קָאפְּ אויפ׳ן הַארְצֶען, דִי אויגֶען אָנְגֶעשְטֶעללְט אִין דֶער וַוייט, און גֶעדַאנְקֶען, וֶועלְכֶע עֶר הָאט נִיט גֶעקָאנְט צוּזַאממֶען בִּינְדֶען, שְטִיקְלֶעךְ גֶעדַאנְקֶען הָאבֶען זִיךְ אִיהם גֶעדְרֶעהט אִין דֶעם אַרָאבְּגֶעלָאזֶענֶעם קָאפְּ

— פַאר וָואס? פַאר וָואס? הָאט עֶר זִיךְ גֶעפְרֶעגְט. מִיר אַזוֹי אָבְּטְהוּן?!.. נָא דִיר! אָט איז דִיר!.. אויסְגֶעפִיהרְט דָאס לֶעבֶען!.. אָבְגֶעלֶעבְט, ווִי אַ מֶענְש!..

און עֶס קְוֶועטְשְט און דְרִיקְט אִיהם דָאס הַארְץ, און אִין מַתְ וֶוערְט וַוארם, וַוארם... אִין אַיין מִינוּט לוֹיפְט בַּיי אִיהם דוּרְךְ אִין

קָאפּף דֶער אַיינְדְרוּק, וָואס זַיין אָבְּגֶעלֶעבְּטֶעס לֶעבֶּען הָאט אוֹיף איהן אִין דֶער לֶעצְטֶער צַייט גֶעמַאכְט אוּנ גְלַייךְ נָאךְ דֶעם דִי פְּלֶאנֶער, וָואס עֶר הָאט גֶעמָאלְט זִיךְ אִין דִי לֶעצְטֶע טָאג, וִוי עֶר הָאט גֶעוָואלְט פֶּעררִיכְטֶען זַיין גַאנְצֶען לֶעבֶּען מִיט דֶעם בִּיסֶעל, וָואס עֶר וֶועט נָאךְ לֶעבֶּען אוּנ אַלְץ, אַלְץ אִיז יֶעצְט פֶּערְשְׁווּאוּנְדֶען. „פַאר וָואס? פַאר וָואס?" הָאט עֶר נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּפְרֶאגֶען זִיךְ אוּנ הָאט בְּשׁוּם אוֹפֶן נִישְׁט גֶעקָאנְט פֶּערְשְׁטֶעהן. עֶר פִּיהלְט, אַז דָאס אַלְטֶע הַארְץ שְׁפַּארְט אִיהם שְׁטַארְק פֶּערְנַאנְדֶער פוּן לִיעבֶּע צוּ אַללֶעמֶען, עֶפֶּעס קְלַאפְּט עֶס בַּיי אִיהם שְׁטַארְקֶער, עֶפֶּעס הֶערְט עֶס נִיט אוֹיף צוּ לִיעבֶּען, אוּנ עֶר וָואלְט וֶועללֶען אַללֶעמֶען זֶעהֶען אַזוֹי גְלִיקְלִיךְ, אַזוֹי גְלִיקְלִיךְ... בִּיז דִי לֶעצְטֶע כּוֹחוֹת וָואלְט עֶר יֶעצְט גֶעאַרְבַּייט, דֶען לֶעצְטֶען אָטְהֶעם וָואלְט עֶר אַרוֹיסְגֶעלָאזֶען אִין דֶער זַאךְ אוּנ צוּלִיעבּ דֶער זַאךְ, וֶועלְכֶער עֶר הָאט גֶעוָואלְט אָבְּגֶעבֶּען זִיךְ... עֶר קָאנן זִיךְ עֶפֶּעס קַיין אָרְט נִיט גֶעפִינֶען אוּנ עֶר פִּיהלְט, אַז דֶער קָאפּף וֶוערְט אִיהם שְׁוֶוער, דִי פִּיס קַאלְט, דִי אוֹיגֶען וֶוערֶען פִינְסְטֶער, פִינְסְטֶער...

אַז עֶר הָאט אוֹיפְגֶעאֶפְּפֶענְט דִי אוֹיגֶען, הָאט עֶר זִיךְ דֶערְזֶעהֶען אִין בֶּעט; אוֹיפ'ן קָאפּף אִיז גֶעלֶעגֶען אַ פּוּזִיר מִיט אַייז; דִי אַלְטִינְקֶע הָאט גֶעיָאמֶערְט; דִי לֶעהְרֶער זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען נִיט וַוייט פוּן בֶּעט אוּנ הָאבֶּען גֶערֶעדְט צְווִישֶׁען זִיךְ. עֶר הָאט גֶעוָואלְט אוֹיפְהֶעבֶּען דִי הַאנְד אוּנ אַרִיעבְּטְהוּן דֶען שְׁטֶערֶען, נוּר עֶפֶּעס פִיהלְט עֶר דִי הַאנְד נִיט. עֶר גִיט אוֹיף אִיהר אַ קוּק — זִי לִיגְט אוֹיסְגֶעצוֹיגֶען. רֶב שְׁלֹמֹה הָאט פֶּערְשְׁטַאנֶען וָואס מִיטְ אִיהם אִיז.

— אוֹים! הָאט עֶר אַטְרַאכְט גֶעטְהָאן, פַארְטִיג!..

אִיהם הָאט זִיךְ פֶּערְוָואלְט אַ פַּייף טְהוּן אוּנ אַ מַאךְ טְהוּן מִיט דֶער הַאנְד: „פֶּערְפַאללֶען!", נוּר דִי לִיפֶּען הָאבֶּען זִיךְ עֶפֶּעס נִיט צוּנוֹיפְגֶעלֵייגְט, אוּנ דִי הַאנְד הָאט זִיךְ נִיט גֶעהֶעבֶּען.

— אָט אִיז דִיר, אוֹים! הָאבֶּען גֶעשֶׁעפְּטְשֶׁעט זַיינֶע לִיפֶּען. עֶר

האָט זיך אַרומגעקוקט, אונ אָנגעשטעללט די אויגען אויף די לעהרער, דערנאָך אויף דער אַלטער, וועללענדיג איבערלייענען אויף זייערע געזיכטער צו איז ער שוין געפּאהרליך, צו געהט ער שוין אָב, אָדער עס איז נאָך פערהאַנען אַ האָפנונג. ער האָט געקוקט אונ האָט גאָר נישט געקאָננט פערשטעהן. ער האָט אָנגעהויבען שעפּטשען אונ צורופען צו זיך איינעם פון די לעהרער, מיט וועלכען ער האָט זיך בעגעגענט מיט די בליקען. יענער איז צו איהם צוגעלאָפען.

— אוים, אַ? האָט ער אַ פרעג געטהאָן.

— ניין, רב שלמה, די דאָקטוירים געבען האָפנונג, האָט דער לעהרער געענטפערט מיט אַזא ערנסטען טאָן, אַז רב שלמה איז געוואָרען פרעהליכער.

— נו, נו, האָט ער אַרויסגערעדט, ווי ער וואָלט וועללען זאָגען „הלואי! פון אייער מויל אין גאָטס אויערן”.

די לעהרער זענען נאָהענטער צוגעגאַנגען

— גוט? האָט געשעפּטשעט רב שלמה, גוט, הא?.. נאָט אייך אַ טהויער, אַ העלד!.. הע!.. ער האָט געשמייכעלט.

— נישט קשה! האָט מען איהן געטראָסט איהר וועט געזונד ווערען אונ וועט אַרבייטען, טהון.

— נו, נו, הלואי! האָט ער געענטפערט אונ האָט זיך פערקוקט.

---

רב שלמה איז טאַקי מיט יעדעם טאָג בעססער געוואָרען. דאָס גוט אָבגעלעבטע לעבען אונ דאָס וועללען לעבען האָבען איהן געראַטעוועט. אַ ברייטער, זיססער שמייכעל האָט זיך פערשפּרייט אויף זיין געזיכט, אונ אַ פּייערל האָט זיך בעוויזען אין זיינע שיער אויסגעלאָשענע אויגען, ווען ער האָט דאָס ערשטע מאָהל געריהרט מיט אַ האַנד אונ אונטערגעבויגען אַ פוס.

— מַזָּל טוב האָט ער אויסגעשריען צו אַללע אַרומיגע. ער איז געוואָרען בּיי זיך זעהר פרעהליך אונ האָט ווידער אָנגעהעבּען שטאַרק טראַכטען וועגען טהון עפּעס.

— לערנען מענשען, לערנען מענשען דאַרף מען — אונ עס מאַג זיך קעהרען די וועלט! האָט ער געטראַכט אונ געריעבּען די האַנד פון אונגעדולד. „וועט ניט זיין די תּלמוד תּורה, וועט מען דאַרפען געפינען אַנדערע״.

ער האָט גענומען בּעקלערען, וואו נעהמט מען די אַנדערע. ער האָט אָנגעהויבּען דערמאָהנען די אַרומיגע שכנים אונ איז פּלוצלינג פרעהליך געוואָרען. ניט ווייט פון איהם וואָהנט איין איינבּינדער, בּיי וועלכען עס אַרבּייטען בּיז צעהן אַרבּייטער. זיי אַרבּייטען פונפצעהן זעכצעהן שעה אין מעת־לעת אונ האָבּען ניט קיין צייט אונ ניט קיין כּח צום לערנען.

— מיט זיי וועט מען דאַרפען לערנען, טראַכט ער.

דער בּעל הבּית זייערער וועט איהם געווים ניט מעיז זיין. ער האָט איהן געמאַכט פאַר א מענשען, שטענדיג געשטיצט איהן, אַריינ־געפיהרט איהן אין אַללע פּריסוסטוויעס, בּיז וואַנען ער האָט איהן געשטעלט אויף אַ פוס.

רב שלמה ווערט אַלץ לעבּעדיגער אונ לעבּעדיגער אונ פּרובּט זיך יעדע ווייל אויפהעבּען פון אָרט.

אַז ער איז אַראָב פון בּעט, האָט ער זיך קוים איינגעהאַלטען אין שטוב אונ ווי גליקליך האָט ער זיך געפיהלט, ווען, אָנגעשפּאַר־טערהייט אויף אַ שטעקעל, איז ער אַרוים אין גאַס. ער האָט געאיילט צום איינבּינדער. אגב האָט זיך איהם געדאַכט, אַז אַללע זענען צו איהם בּעססער געוואָרען אונ, דערזעהענדיג איהן, וועלען זיי זיך דערפרעהען. ווי האָט זיך איהם געוואָלט זעהען אויף אַללע פּנימער אַ פריינדליכען שמייכעל!.. ער וואָלט זיך יענמאָלט געשאַטצט פאַר־

דעם גליקליכסטען, קאנגענדיג האפפען, אַז אַלץ וועט יעצט ווערען איבערגעקעהרט צו גוטען. נור ער האט דען שמייכעל ניט דערזעהען.

אין שטאדט האט מען אין דער אַפּאָפּלעקסיע געזעהען „בע־שיינפּערליך" אַ שטראף פון גאט. „אַהאַ!" האבען אַללע אויסגעשריען, דערוויסענדיג זיך פון דעם שלאג. אַללע האבען טאקי דערפון נאך איין איבעריגען מאהל געזעהען, אונ ווידער טאקי „בעשיינפערליך", אַז עס איז פערהאנגען אַ גאט אויף דער וועלט אונ ניט יעדער מעג טהון, וואס ער וויל. די גרויסע פּאנאטיקער האבען געקוואלען אונ געזעהען אין איהם נקמה. „זעהר רעכט! זעהר רעכט!" האבען זיי געטענהט.

— ווער איז איהם שולדיג? פלעגט מען אנטפערן, ווענן עמיץ האט דערמאהנט, אַז עס איז אַגרויסע עבירה אַזאַ מענש — ווער האט איהם געהייסען?.. אַ מענש האט זיך אַלליין אומגליקליך געמאכט!..

אין שטאדט האט מען די גאנצע צייט ניט אויפגעהערט צו רעדען וועגען איהם. אַללעמען האט געאינטערעסירט, ווי איז איהם אונ וואס איז איהם. ווענן מען האט דערהערט, אַז איהם ווערט בעססער, אַז ער ווערט געזונד, זענען טאקי אַללע פרעהליכער געוואָרען: מען האט געהאפט, אַז ער וועט יעצט ארויסשלאגען פון קאפּף די נאררישקייטען אונ פערשטעהן, אַז גאט האט איהן געשטראפט, אונ וועט ווערען צוריק, ווי געוועזען. נור אין גיכען האט מען דערוואוסט, אַז ער האלט זיך נאך אין זיין „רשעות", אונ מען האט זיך אויפגעהערט צו פרעהען.

דער רב מיט איינינע ראדעלפיהרער פון די פאנאטיקער זענען איינמאהל געקומען מבקר חולה זיין איהן. רב שלמה האט געוואלט פרעגען, אויב זיי זענען געקומען קוקען אויף זיין באזוואונדער, נור ער האט זיך איינגעהאלטען אונ גלייכגילטיג געקוקט אויף זיי.

— וואס מאכט איהר, רב שלמה? האבען זיי איהן געפרעגט.

— גוים!.. האט ער זיי געענטפערט עפעס קענען ווילען און געשמייכעלט.

דער רב מיט די איבריגע האבען זיך פערלארען. זיי זענען געזעסען א קליינע ווײַלע, האבען קיין ווארטער ניט געפונען און זענען אויפגעשטאנען פון די ערטער. זיי זענען א ביסל געשטאנען, האבען געוואונשען איהם געזונד ווערען און זענען אוועקגעגאנגען, ניט הערענדיג פון רב שלמה קיין ענטפער אויף זייער „גוטען טאג".

פון דעם וויזיט האט זיך באלד דערוואוסט די גאנצע שטאדט. און עס האט אנגעהעבען קאכען, ווי אין א קעסעל.

— די טומאה האט שוין איהר מזל, האט מען דאס ערקלערט, אז מען לאזט זיך אין, איהר אריין, קאנן מען שוין ניט ארויס. גיב דעם טייוועל א האר, וועט ער שוין די גאנצע בארד אריינחאפען.

אז רב שלמה האט זיך בעוויזען אין גאס, האבען זיך אלע געשטעללט קוקען אויף איהן און געשאקעלט מיט די קאפף, ווי מען וואלט זאגען: „אזא מענש — און א פערפאללענער געבאך!"

רב שלמה האט דאס בעמערקט. עס האט איהם געשניטען דאס הארץ, עס האט איהם באנג געטהאן ביז טרעהרען און ער האט אנגעהעבען גיכער צו געהן צו דעם איינבינדערס וואהנונג

ביי דעם איינבינדער האט מען איהן בעגעגענט זעהר פריינדליך מיט א ברייטען „ברוך הבא", נור איהם האט זיך שוין געדאכט, אז דא קוקט מען אויף איהן אויך קרומליך. ער האט דערפאר געזאגט א תירוץ, פאר וואס ער איז געקומען

— שווער צו געהן, האט ער געזאגט, מען דארף שוין אנהעבען מאכען סטאנציעס.

---

מיט דעם תירוץ האט ער אנגעהעבען געהן אללע טאג, ער פלעגט אבזיטצען איינינע שעה און פלעגט רעדען מעשות דער-

צֶאהלֶען אוּנ הָאט לְסוֹף אָנְגֶעהֶעבֶּען דֶערְצֶאהלֶען פוּן יֶענֶע „מַעֲשׂוֹת", וָואס דֶער לֶעהרֶער הָאט דֶערְצֶאהלְט. עֶר פְלֶעגְט זִיטְצֶען אִין מִיטֶען צִימֶער אוּנ פְלֶעגט רֶעדֶען פְרֶאהלִיךְ, מִיט אַ גְלַייכְוֶוארְטֶל, מִיט אַ גֶעלֶאכְטֶער אוּנ הָאט שְׁטַארְק פֶערְאִינְטֶערֶעסִירְט דִי אַרְבֵּייטֶער. זֵיי פְלֶעגֶען אָפְט אַלֶע מִיט אַ מָאהל אוֹיפְהַאלְטֶען דִי אַרְבֵּייט, פֶערְאַנְדֶער־אֶפפְּעֶגֶען דִי מַיילֶער, אַנְשְׁטֶעלֶען דִי אוֹיעֶרן אוּנ אַיינְהֶארֶען זִיךְ מִיט אַ פֶערְגֶענִיגֶענְדֶען שְׁמֵייכֶעל אוֹיף דִי לִיפֶּען. אֵיינִיגֶע מִינוּטֶען פְלֶעגֶען זֵיי בְלֵייבֶּען שְׁטֶעהן, וִוי פֶערְגְלִיוֶוערְט, וִוי פֶערְשְׁטֵיינֶערְט, בִּיז רֶב שְׁלֹמֹה פְלֶעגְט עֶנְדִיגֶען, אָדֶער דֶער בַּעַל הַבַּיִת פְלֶעגְט אִיבֶּערְרַייסֶען.

— אַרְבֵּייט, אַרְבֵּייט! הֶארֶען וֶועט אִיהר שְׁפֶּעטֶער, פְלֶעגְט עֶר אַרוֹיסְרֶעדֶען מִיט אַ בֶּאזֶען, אוּנצוּפְרִיעדֶענֶעם טָאן.

דִי אַרְבֵּייטֶער פְלֶעגֶען נִיט ווִילֶענְדִיג צוּרִיק אַיינְבֵּייגֶען דִי רוּקֶענְס אִיבֶּער דֶער אַרְבֵּייט, אוּנ רֶב שְׁלֹמֹה פְלֶעגְט עֶפֶּעס אָבְּהָאנְדִיג וֶוערֶען. עֶר פְלֶעגְט זִיךְ פֶערְלִיעֶרֶען, אָנְהֶעבֶּען פֶערְשְׁפִּיעלֶען אוּנ אָבְּשְׁפִּיעלֶען זַיין רָאק אוּנ, וִוי אַ פֶערְשוּלְדִיגְטֶער קוּקֶען אוֹיף דֶעם אַיינְבִּינְדֶער, אוּנ דָאךְ הָאט עֶר נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט זַיינְס צוּ טְהוּן.

פוּן דִי צוּהֶערֶער הָאט עֶר גֶעקְוָואלֶען, נַחַת גֶעקְלִיעבֶּען. עֶר פְלֶעגְט גְלִיקְלִיךְ שְׁמֵייכְלֶען, אוּנ זַיינֶע אוֹיגֶען פְלֶעגֶען שַׁיינֶען פַאר נַחַת, וֶוענְן עֶר פְלֶעגְט זֶעהֶען, וִוי דִי אַרְבֵּייטֶער הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהֶעבֶּען אִינְטֶערֶעסִירֶען מִיט יֶעדֶעם בִּיכֶעל, וָואס מֶען הָאט גֶעבְּרַאכְט אַיינְבִּינְדֶען. אַז מֶען הָאט נָאךְ גֶעבְּרַאכְט אַבוּךְ, וָואס רֶעדְט וֶועגֶען דָאס זֶעלְבֶּע, וָואס זֵיי הָאבֶּען גֶעהֶערְט פוּן רֶב שְׁלֹמֹה'ן, פְלֶעגֶען זֵיי זִיךְ אַרוֹיפְוַוארְפֶען אוֹיף אִיהם, שִׁיעֶר נִיט צוּרַייסֶען, אוּנ כִּמְעַט שְׁלָאגֶען זִיךְ, וֶוער זָאלל עֶס אַיינְבִּינְדֶען.

רֶב שְׁלֹמֹה הָאט אָנְגֶעהֶעבֶּען פִיהלֶען, אַז עֶר טְהוּט עֶפֶּעס, אַז עֶר הֶעבְּט אָן בְּרֵיינְגֶען אֱמֶת'ן נוּטְצֶען אוּנ אִיז גֶעוֶועזֶען אִיבֶּערְגְלִיקְלִיךְ.

אין שְׁטָאדט הָאט מֶען נַאטִירְלִיךְ בֶּעמֶערְקְט, אַז רֶב שְׁלמה איז גֶעוָוארֶען אֵיין אָפְּזֶער אַרייִנְגֶעהֶער צוּם אַיינְבִּינְדֶער, און מֶען הָאט זִיךְ אִין גִיכֶען דֶערְוואוּסְט, וָואס עֶר טְהוּט דָארְטֶען.

— פָּשוּט מְשֻׁגָּע! הָאט מֶען גֶעלַאכְט און גֶעקְוֶועטְשְׁט מִיט דִי פְּלַייצֶעס. מֶען פְּלֶעגְט לַאכֶען אֲפִילוּ רֶב שְׁלמה'ן אִין דִי אוֹיגֶען, נוּר עֶר הָאט זִיךְ גָאר נִישְׁט אוֹיסְגֶעמַאכְט.

אָבֶער נִיט לַאנְג הָאט עֶר גֶעהַאט דָאס פֶּערְגֶעניגֶען דֶער אַיינְבִּינְדֶער הָאט אִיהם לְסוֹף שְׁטַארְק אוֹיסְגֶערֶעדְט.

— רֶב שְׁלמה, הָאט עֶר גֶעזָאגְט בְּרוֹגֶזְדִיג, אִיהר לָאזְט אוּנְז דָאךְ נִיט מִיט אַייעֶרֶע מַעֲשׂוֹת אַרְבֵּייטֶען! וָואס אִיז דָאס פַאר אֵיין אוֹפָן, חָלֶעבֶּען? אִיהר קוּמְט און רַייסְט אָב פוּן דֶער אַרְבֵּייט!..

— אִיךְ מִיש דֶען? הָאט עֶר גֶעפְרֶעגְט, זֵיי אַרְבֵּייטֶען, דַאכְט זִיךְ, בְּשַׁעַת מַעֲשֶׂה.

— יָא אַ שֶׁאנֶע אַרְבֵּייט! הָאט דֶער אַיינְבִּינְדֶער גֶעאֶנְטְפֶערְט. טָאמֶער זֶענֶען דִי יוּנְגַאטְשֶׁעס שְׁטֶאנְדִיג גֶערְן גֶעפִינֶען עֶפֶּעס אַ סִיבָּה'לֶע אַבִּי נִיט אַרְבֵּייטֶען!.. און גְלַאט, וָואס הָאט אִיהר אוֹיסְגֶעקְלִיעבֶּען מִיךְ?.. עֶס אִיז דֶענְן פֶּערְהַאנְן וֶוענִיג בַּעֲלֵי־מְלָאכוֹת?..

אַיין עֶהְרְלִיכֶער „הַאלְז און נַאקֶען" — און רֶב שְׁלמה'ן אִיז מֶעהר נִיט גֶעבְּלִיעבֶּען, ווִי גֶעהמֶען דָאס שְׁטֶאקֶעל און אַוֶועקְגֶעהֶען.

— ווִידֶער נִישְׁט! הָאט עֶר גֶעשֶׁעפְּטְשֶׁעט.

אִין הַארְצֶען הָאט אִיהם שְׁטַארְק גֶעשְׁטָאכֶען, אִין דִי שְׁלֵייפֶען גֶעקְלַאפְּט און אִין קָאפְּף הָאט גֶעבְּרֶענְנְט „ווִידֶער נִישְׁט. יֶעצְט אִיז שׁוֹין אַלְץ אוֹיס... שְׁטַארְבֶּען... שְׁטַארְבֶּען.. אַ מַעֲשֶׂה מִיט אַיין עֶק"...

וֶוענְן עֶר וַואלְט גֶעוֶועזֶען יוּנְג, וַויים עֶר, וָואס עֶר וָואלְט גֶעטְהָאן. יֶעצְמָאלְט וָואלְט עֶר גֶערָאד נִיט אָנְגֶעהֶעבֶּען טְרַאכְטֶען וֶועגֶען

טויד. נור יֶעצְט... צוּ וָואס זָאלל עֶר לֶעבֶּען?.. וָואס הָאט עֶר צוּ וַוארְטֶען?.. אוים!.. אוים!..

עֶר איז קוים גֶעקוּמֶען אַהֵיים. עֶר הָאט זִיךְ אַרַיינְגֶעזֶעצְט אִין פַאטֶערְשְׁטוּהל, פֶערְוָוארְפֶען דֶען קָאפְּף אוּנ הָאט זִיךְ פֶערְטְרַאכְט.

עֶר הָאט זִיךְ אָנְגֶעהֶעבֶּען פָארְשְׁטֶעלֶען דִי לֶעצְטֶע וָואכֶען בַּיי דֶעם אַיינְבִּינְדֶער, ווִי דִי אַרְבֵּייטֶער זֶענֶען גֶעוָוארֶען עֶפֶּעס גָאר אַנְדֶערְשׁ: לַייטִישֶׁער, מֶענְשְׁלִיכֶער, פֶערְשְׁטֶאנְדְלִיכֶער. עֶס דוּכְט זִיךְ אִיהם, אַז עֶר הָאט אִין זַיי אַיינְגֶעפְּלַאנְצְט לִיעבֶּע אוּנ חֵשֶׁק צוּ לֶערְנֶען זִיךְ, אַיינְגֶעוָוארְצֶעלְט אַ מֶעהרֶער רִיכְטִיגֶען קוּק אוֹיף דָאס, וָואס אַרוּם זַיי טְהוּט זִיךְ. עֶס הָאט אִיהם גֶעגָאלְטֶען מִיט זַיי! אוּנ מִיט אַ מָאהל...

— נֵיין, זַיי וֶועלֶען, דַאכְט זִיךְ, קוּמֶען צוּ מִיר... זַיי דַארְפֶען קוּמֶען!.. טְרַאכְט עֶר אוּנ הָאט אָנְגֶעשְׁטֶעלְט דִי אוֹיגֶען אוֹיפ'ן טְהִיר.

עֶר הָאט אֲפִילוּ פֶערְגֶעסֶען אַז זַיי אַרְבֵּייטֶען זִיךְ אָב נַיין אַ זֵייגֶער בַּיי נַאכְט, אוּנ הָאט דֶעם גַאנְצֶען פַארְנַאכְט נִיט אַרָאבּ־גֶענוּמֶען דִי אוֹיגֶען פוּן טְהִיר.

דִי צַייט פְלִיהט, עֶס וֶוערְט אַלֶץ שְׁפֶּעטֶער אוּנ שְׁפֶּעטֶער, אוּנ דִי אַיינְבִּינְדֶער קוּמֶען נִיט. רֶב שְׁלמה וֶוערְט חֵשֶׁכְדִיגֶער אוּנ חֵשֶׁכְדִיגֶער. עֶר הַאלְט לְסוֹף גִיט אוים אוּנ גֶעהט אַרוּים אִין גַאס: טָאמֶער וֶועט עֶר זַיי דֶערְזֶעהֶען, וֶועט עֶר זַיי אַרַיינְרוּפֶען.

אִין גַאס אִיז גֶעוֶועזֶען פִינְסְטֶער; וַוייט אֵיינֶער פוּן דֶעם אַנְדֶערְן הָאבֶּען קוּים גֶעלִייכְטֶען דִי גַאס־לָאמְפֶּען. אַ קַאלְטֶע אָסֶען־נַאכְט; דִי לוּפְט אִיז גֶעוֶועזֶען אָנְגֶעטְרוּנְקֶען מִיט וַואסֶער, אוּנ אוּנְטֶער דִי פִּיס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ שְׁרֶעקְלִיכֶער קויט. אִין גַאס אִיז גֶעוֶועזֶען זֶעהר וֶועניג פָארְבַּייגֶעהֶער, אוּנ רֶב שְׁלמה אִיז אַלֶץ גֶעשְׁטַאנֶען. אִין הַארְצֶען הָאט אִיהם אָנְגֶעהֶעבֶּען קְלַאפֶּען, ווִי עֶר פְלֶעגְט דֶערְהֶערֶען אַ טְרָאפְּקֶען זִיךְ פוּן פִּיס אִין קויט אָדֶער אֵיינִיגֶע קוֹלוֹת. דְרַיי מָאהל אִיז דִי אַלְטִינְקֶע אַרוּים צוּ אִיהם אַרַיינְרוּפֶען אִיהן אִין שְׁטוּבּ, נוּר עֶר הָאט נִיט גֶעהֶערְט

און איז געשטאנען. אין גאס איז געװאָרען שטיל, מען האָט נור געהערט די קלאַפּענעס פון די נאַכט־שומרים; רב שלמה האָט אַ װאָרף געטהאָן דאָס לעצטע מאָהל זיין בליק אין דער פינסטערניש, װי ער װאָלט דאָרטען װעללען עמיצען דערזעהען, און מיט אַ קרעכץ אַריין אין שטוב.

---

אויף מאָרגען האָט ער זיך געפיהלט זעהר שװאַך און איז פון בעט ניט אַרוים. ער האָט אָנגעהויבען פיהלען, אַז עס װערט נאָהענטער זיין סוף אַז ער איז שוין אַ גאַסט.

— אַלץ איינס, אַלץ איינס, האָט ער זיך גערעדט, טראַכטענדיג רוהיג װעגען טויד

אין קאָפּף האָבען זיך איהם געפּלאָנטעט אַללערליי געדאַנקען. ער האָט געטראַכט בעװאוסטלאָז, ניט אָבגעבענדיג זיך קיין קלאָרען חשבון אין דעם, װאָס ער טראַכט. עס האָבען איהם אָנגעהויבען אַרויפגעהען אויפ'ן זכרון אַללערליי בילדער, שטיקלעך פון זיין לאַנגען לעבען, בעזונדערע מענשען, פּנימער, װעלכע ער האָט אַ מאָהל געזעהען, קינדערשע חברים, נור רב שלמה'ן האָט דאָס אַלץ ניט געאינטערעסירט. ער האָט אַנגעשטעללט די אויגען אויפ'ן טהיר פון צימער און האָט געװאַרט אויפ'ן טויד, גלייך װי ער װאָלט דאַרפען אַריין פון טהיר.

דעם גאַנצען טאָג איז ער אַזוי אָבגעלעגען. די אַלטינקע איז אָפט צו איהם צוגעגאַנגען, געפרעגט עטװאָס, און ער האָט געשװיגען, ניט אָבגעייסענדיג דען קוק פון טהיר און ניט איבעררייסענדיג די אַללערליי געדאַנקען. עס האָט זיך געדאַכט, אַז ער האָט אויפגעהערט צו הערען און זעהען. פּאַר נאַכט האָבען זיך אָנגעהעבען קלייבען צו איהם די לעהרער.

— פאַרטיג! האָט רב שלמה זיי געזאָגט, קוקענדיג אויף דער

טְהִיר. פְּלוּצְלִינְג הָאט עֶר דֶערְהֶערְט אַ בֶּעקַאנִנְטֶען קוֹל אוּנ הָאט אויפְגֶעהֶעבֶּען דֶען קָאפְּ.

— מְבַקֵר חוֹלֶה זַיין ווִילְלֶען מִיר, הָאט דֶער קוֹל גֶעזָאגְט.

דִי טְהִיר הָאט זִיךְ אויפְגֶעאֶפֶּענְט אוּנ עֶס זֶענֶען אַרַיין מִיט אַ מָאהל פִיער פּוֹעֲלִים.

רֶב שְׁלמה הָאט אִין אָנְפַאנְג זַיינֶע אויגֶען נִיט גֶעגְלויבְּט, נוּר גְלַייךְ אִיז אַ שְׁמֵייכֶעל אַרויסְגֶעטְרָאטֶען אויף זַיינֶע לִיפֶּען, אוּנ עֶר הָאט זִיךְ גֶעקְטַארֶעט אויפְזֶעטְצֶען. „גֶעקוּמֶען, גֶעקוּמֶען!“ הָאט עֶר גֶערֶעדְט מִיט פְרֵייד, אוּנ זַיין הַארְץ הָאט שְׁטַארְקֶער גֶעקְלַאפְּט פוּן פִיעל גְלִיק.

דִי אַרְבֵּייטֶער זֶענֶען גֶעבְּלִיעבֶּען שְׁטֶעהְן ווַייט פוּן בֶּעט, נִיט ווַאגֶענְדִיג צוּגֶעהְן צוּם חוֹלֶה, נוּר רֶב שְׁלמה הָאט זֵיי צוּגֶערוּפֶען.

— נָאהֶענְטֶער, נֶאהֶענְטֶער, קִינְדֶער! הָאט עֶר גֶערֶעדְט.

זֵיי זֶענֶען צוּגֶעגַאנְגֶען אַ בִּיסל נֶאהֶענְטֶער.

— צוּ מִיר, צוּ מִיר! הָאט עֶר זֵיי אָנְגֶעווִיזֶען אויפ'ן בֶּעט.

זֵיי זֶענֶען צוּגֶעגַאנְגֶען צוּם בֶּעט.

— נוּ, וָואס מַאכְט אִיהְר? הָאט עֶר זֵיי גֶעפְרֶעגְט מִיט אַ שְׁמֵייכֶעל.

דִי אַרְבֵּייטֶער הָאבֶּען גֶעשְׁווִיגֶען.

— וָואס זֶענְט אִיהר נֶאכְטֶען נִיט גֶעקוּמֶען? הָאט עֶר גֶעפְרֶעגְט אוּנ גֶעקוּקְט אויף זֵיי מִיט'ן שְׁמֵייכֶעל.

דִי אַרְבֵּייטֶער הָאבֶּען גֶעשְׁווִיגֶען אוּנ גֶעבִּיטֶען דִי פִּיס.

— וָואס מַאכְט אִיהר, רֶב שְׁלמה? הָאט אֵיינֶער פוּן זֵיי גֶעפְרֶעגְט.

— גוּט, גוּט, הָאט רֶב שְׁלמה גֶעשְׁמֵייכֶעלְט, אַ דַאנְק, קִינְדֶערְלֶעךְ, אַ דַאנְק.

— זֶעטְצְט זִיךְ, קִינְדֶער, זֶעטְצְט זִיךְ, הָאט עֶר גֶעזָאגְט נָאךְ אַ קְלֵיין שְׁווַייגֶען, אִיךְ ווֶעל אַייךְ ווַייטֶער דֶערְצֶעהלֶען מַעֲשׂוֹת.

— אייך איז שווער, רב שלמה, האט געענטפערט איין ארבייטער, אז איהר וועט געזונד ווערען...

— זעטצט זיך, זעטצט זיך, האט איהן רב שלמה איבערגעריסען, ניט אייער דאגה!..

די ארבייטער האבען זיך איבערגעקוקט מיט די לעהרער. די לעהרער האבען געוואונקען, אז זיי זאללען זיך ניט צוזעטצען.

— היינט ניט, רב שלמה. איין אנדערש מאהל, אז איהר וועט...

— זעטצט זיך, האט רב שלמה אונגעדולדיג געזאגט, טהוט מיר דאס פערגניגען.

די ארבייטער האבען זיך ווידער איבערגעקוקט מיט די לעהרער און אויף זייער וואונק האבען זיי זיך געזעטצט.

רב שלמה האט זיי אנגעהעבען דערצעהלען די לאנגע מענשליכע געשיכטע. ער האט גערעדט מיט היטץ, און זיין קול האט שוין לאנג אזוי ניט געקלונגען, ווי דאס מאהל.

לאנג, לאנג האט ער גערעדט. מען האט איהן עטליכע מאהל איבערגעריסען, דערמאהנט איהם. אז פאר איהם איז שעדליך אזוי פיעל צו רעדען. נור ער פלעגט מאכען מיט דער האנד, אז מען זאלל איהם ניט שטערען. „איך ווער געזינדער" האט ער געענטפערט און ווייטער דערצעהלט. לסוף האבען זיך די ארבייטער אויפגעהעבען פון די ערטער.

— לאזט אונז אב, רב שלמה אונז איז שוין שפעט, האבען זיי זיך געבעטען.

— געהרעכט, געהרעכט, האט ער ארויסגערעדט, מארגען אבער, האהרט איהר.

— זעהט זשע, קינדער, מארגען! האט ער געזאגט, געבענדיג זיי די האנד. די ארבייטער האבען פערשפראכען קומען. זיי האבען געמאכט עטליכע טריט, און רב שלמה האט זיי אומגעקעהרט.

— און די איבריגע?.. האט ער שוואך געפרעגט, ווי ער וואלט זיך דאס שעמען פרעגען.

— זיי האבען זיך געפוילט, ניט געוואלט, האבען זיי איהם געאנטפערט.

— נו, נו — האט ער זיי איבערגעריסען מיט א טאן, ווי ער וואלט זאגען: „נו, נו, איך וויים שוין, גענוג צו רעדען". — אבער, זעהט זשע, מארגען...

— יעצט בין איך געזונד, האט ער געזאגט, אז די פועלים זענען אוועקגעגאנגען. ער האט קוים געריהרט מיט איין אבר, איז אבער געוועזען זעהר פרעהליך, האט אויף אללעמען געקוקט מיט א גליק-ליכען שמייכעל און זיינע אויגען האבען געשיינט.

— יעצט בין איך געזונד, האט ער געשעפטשעט, אז מען האט איהן געדארפט איינליייגען און איינדעקען. — „יעצט בין איך געזונד", האט ער קוים ארויסגערעדט, פיהלענדיג, אז דער קאפף ווערט איהם מאדנע שווער, דאס הארץ אבגעחלעשט, און עס ווערט איהם שטארק ניט גוט. ער איז איינגעפאללען אין א בעוואוסטלאזען צושטאנד.

---

א שרעקליכער, הארץ-רייסענדער קלאג האט איהן ארויס-גערופען פון דעם צושטאנד. ער האט אויפגעעפענט די אויגען. דאס צימער איז פול געוועזען מיט מענשען; אויף א סך אויגען האבען געפינקעלט טרעהרען

— שוין באלד א פנים, האט ער אטראכט געטהאן און אנ-געהעבען עפעס דערמאהנען.

— וויפיעל איז דאס א זייגער? האט ער געפרעגט ביי דעם, וואס איז געשטאנען נעבען איהם.

— פינף.

— נייעֶן וֶועלֶען זֵיי זִיךְ אָבְּאַרְבֵּייטֶען הָאט עֶר גֶעשְׁעפְּטְשֶׁעט צוּ זִיךְ אַלַיין. עֶר הָאט צוּגֶערוּפֶען אַ לֶעהְרֶער.

— אַז דִי אַרְבֵּייטֶער וֶועלֶען קוּמֶען, זָאלל מֶען זֵיי אַרַיינְלָאזֶען הָארְט אִיהר! הָאט עֶר אָנְגֶעזָאגְט. דֶער לֶעהרֶער הָאט פֶערְשְׁפְּרָאכֶען

— נייעֶן אַ זֵייגֶער וֶועלֶען זֵיי קוּמֶען, הָאט רֶב שְׁלֹמה צוּגֶעלֵייגְט.

אִין אַ וַוייִלֶע אַרוּם הָאט עֶר גֶעבֶּעטֶען שְׁרַייבֶּען דִי צַוָאָה. נָאךְ דֶער צַוָאָה הָאט עֶר זִיךְ אוֹיסְגֶעצוֹיגֶען אוּנ פֶערְמַאכְט דִי אוֹיגֶען. מֶען הָאט גֶעמֵיינְט, אַ עֶר אִיז אֵיינְגֶעשְׁלָאפֶען. נוּר רֶב שְׁלֹמה הָאט נִיט גֶעשְׁלָאפֶען — עֶר אִיז גֶעלֶעגֶען אוּנ גֶעטְרַאכְט. נִיט וֶועגֶען עָבַר, וֶועגֶען דָאס אָבְגֶעלֶעבְּטֶע לֶעבֶּען הָאט עֶר גֶעטְרַאכְט, נוּר וֶועגֶען עָתִיד, וֶועגֶען דִי קוּמֶענְדִיגֶע צַייט. אִין וֶועלְכֶער דֶער מֶענְשׁ וֶועט לֶעבֶּען. עֶר הָאט גֶעטְרַאכְט, וָואס וֶועט זַיין מִיט דֶעם מֶענְשֶׁען. עֶר הָאט זִיךְ פָארְגֶעשְׁטֶעללְט אַ וֶועלְט אַלִיכְטִיגֶע, גְלִיקְלִיכֶע וֶועלְט, וָוא אַללֶע וֶועלֶען זַיין גְלַייךְ גְלִיקְלֶעךְ. אַללֶע וִויסֶענְד, גֶעבִּילְדֶעט, אוּנ זַיין שְׁטֶערְבֶּענְדֶעס הַארְץ הָאט אַ בִּיסְל שְׁטַארְקֶער גֶעקְלַאפְּט, אוּנ זַיין גֶעזִיכְט הָאט אַרוֹיסְגֶעדְרִיקְט פְרֵייד אוּנ גְלִיק. עֶר הָאט אוֹיפְגֶעאֶפֶענְט דִי אוֹיגֶען אוּנ דֶערְזֶעהֶען גֶעבֶּען זִיךְ אַ פָּאר לֶעהְרֶער.

— אֱמֶת אַזוֹי וֶועט דָאס זַיין? הָאט עֶר זֵיי גֶעפְרֶאגְט אוּנ גֶעשְׁמֵייכֶעלְט.

— יָא, רֶב שְׁלֹמה. הָאבֶּען זֵיי אִיהם גֶעאֶנְטְפֶערְט, חָאטְשׁ זֵיי הָאבֶּען זַיין קַשְׁיָא נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען, נוּר זַיין גֶעזִיכְט הָאט זֵיי גֶעזָאגְט אוֹיף עֶפֶּעס גוּטְס. זַיין שְׁמֵייכֶעל אוֹיף דִי לִיפֶּען אִיז גֶעוָוארֶען נָאךְ גְרֶעססֶער.

עֶר הָאט זִיךְ ווידֶער פֶערְטְרַאכְט. עֶר הָאט גֶעוָואלְט זִיךְ פָארְשְׁטֶעללֶען דִי גְלִיקְלִיכֶע וֶועלְט, אַרוֹיסְרוּפֶען פַאר זַיינֶע אוֹיגֶען דוּרְכְאוֹיס גְלִיקְלִיכֶע מֶענְשֶׁען, דוּרְכְאוֹיס גֶעבִּילְדֶעטֶע מֶענְשֶׁען, אוּנ עֶר הָאט דָאס דֶערְגְרֵייכְט. נִיט קְלָאר הָאט זִיךְ אִיהם פָארְגֶעשְׁטֶעללְט דָאס

בּילד — עֶפֶּעס הָאט זיךְ אִיהם גֶעמָאלְט אַ גְרויסֶע קוּפֶּע „גְלִיק" — דָאס „גְלִיק" מִיט אַ גוּף אוּנ נְשָׁמָה, אוּנ עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען גְלִיקְלֶעךְ, גְלִיקְלֶעךְ...

אַ יָאמֶער הָאט אִיהם צוּשְׁטֶערְט זַיינֶע מַחְשָׁבוֹת.

—וָואס וַוייגֶען זַיי, דִי פְּרָאִים? הָאט עֶר גֶעטְרַאכְט, אַללֶעמֶען וֶועט זַיין גוּט, אַללֶעמֶען.

עֶר הָאט אוֹיפְגֶעאֶפֶּענְט דִי אוֹיגֶען. עֶס הָאט שׁוֹין גֶעבְּרֶענְט פַייעֶר; דָאס צִימֶער אִיז גֶעוֶועזֶען אָנְגֶעשְׁטָאפְּט מִיט מֶענְשֶׁען. גֶעבֶּען בֶּעט זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען אַללֶע קִינְדֶער זַיינֶע, וָואס זֶענֶען זִיךְ צוּנוֹיפְגֶעפְאהֶרֶען זֶעגֶענֶען זִיךְ מִיט'ן טַאטֶען. עֶר הָאט אָבְגֶעשְׁטֶעללְט זַיין בְּלִיק אוֹיף דִי קְלַיינִינְקֶע אֵיינִיקְלֶעךְ — אַ בְּלִיק, פוּלל מִיט לִיעבֶּע אוּנ גְלִיק.

— זַיי וֶועלֶען דֶערלֶעבֶּען דִי גְלִיקְלִיכֶע צַייט, הָאט עֶר גֶעטְרַאכְט.

עֶר הָאט גֶעוָואלְט בֶּעטֶען, מֶען זָאלל אוֹיפְהֶערֶען צוּ וַויינֶען, נוּר אִין דֶער מִינוּט הָאט עֶר דֶערזֶעהן דִי נֶאכְטִיגֶע פּוֹעֲלִים.

— צוּ מִיר, צוּ מִיר, קִינְדֶער! הָאט עֶר אַ בִּיסְל עֶרְהֶעכֶערְט דֶען קוֹל אוּנ שְׁוַואךְ אַ מַאךְ גֶעטְהָאן מִיט'ן קָאפְּף. מֶען הָאט נִיט גֶעוואוּסְט, וֶועמֶען עֶר מֵיינְט. עֶר הָאט גֶעבֶּעטֶען, מֶען זָאלל צוּ אִיהם צוּשִׁיקֶען דִי אַיינְבִּינְדֶער; מֶען הָאט דָאס אִיהם גֶעטְהָאן.

עֶר הָאט זִיךְ אָנְגֶעהֶעבֶּען אוֹיפְזֶעטְצֶען; דִי אַרוּמִיגֶע הָאבֶּען אִיהם גֶעהָאלְפֶען.

— אַ דַאנְק... קִינְדֶער... וָואס אִיהר... זַייט גֶע... קוּמְ... מֶען... אַ דַאנְק!.. הָאט עֶר גֶעזָאגְט. הֶערְט אוֹיף... צוּ וַויי... נֶען... הָאט עֶר גֶעבֶּעטֶען דִי אַרוּמִיגֶע, רוּהִיג... וִוילל אִיךְ... שְׁשְׁשְׁ... טַארְב... בֶּען... אַל-לֶע זָאללֶ-עֶן... זַיין... גְלִיקְלִיךְ... וַוי אִיךְ!.. לֶעבְּט אַללֶע... מִיט דֶער... הָאפְּ... פְּנוּנְג אוֹיף... גוּטֶע... וֶועלְט, וַוי אִיךְ... שְׁשְׁשְׁ... שְׁטַארְבְּ... מִיטְטְט... דֶער הָא... פְּנוּנְג... קִינְדֶער... לֶעךְ טְהַיי... עֶרֶע, הָאט עֶר זִיךְ גֶעוֶוענְדְט

צו די אַרבייטער, איך... האב... איך האב... מען... דער־
צאהלט... ווי דער מענש... האט אָבגע... לעבט ביז אַ... הער...
ווי ער... לעבט יעצט... ווייסט איהר אַל... ליין... אָבער...
די קוממ... מענדיגע... צייט... וועט זיין זעהר... אַגליק...
ליכע... אללע וועלען זיין... גליקליך... אללע! אַרבייט... נור
עהרליך... אוג לערנט;... זיך!.. לערנט... זיך... קינדער!..
אַלץ וועט... יענמאלט... זיין גוטט... אללע... גליק.. ל...
אַ זיסער שמייכעל האט בעדעקט זיינע ליפען. אונ רב שלמה
איז געשטארבען,

*  *

*

אין שטאדט האט מען... נור וואס האט מען געקאננט רעדען
אין שטאדט אויף אַ מענשען, וואס איז געשטארבען אָהן ודוי, אָהן
קלאפענים אין הארצען, אָהן דעם מעבר יבוק?.. וואס האט מען
געקאננט רעדען אויף אַ מענשען, וואס האט אין די לעצטע מינוטען
געהייסען לערנען זיך, בילדען זיך?.. וואס האט מען געקאננט רעדען,
ווענן אַ מענש האט אָבגעזאָגט זיין גאנצען קאפיטאל נור אויף בילדונג
אונ אויף שקאלעס?.. וואס האט מען געקאננט רעדען, ווענן זיינע
אייגענע קינדער האבען דערלאנגט אין סוד, אַז דער טאטע איז ניט
געוועזען ביים זיננען, שרייבענדיג די צוואה?!..

— זייט מוחל, רב שלמה, זיי ווייסען ניט וואס זיי רעדען
אונ טהוען!..

